צו מיין געטריען
פריינד ליבער בר
שמואל מאיר דאלינד

פונם פארפאסער

**SHORT STORIES** BY **S. B. KOMAIKO**

# אידישע וועלטען

ערצעהלונגען
סקיצען
און בילדער

פון

## ז. ב. קאמייקא



דרוק פון י. שאפירא, שיקאגא

DEDICATED

TO

MY BELOVED WIFE

PAULINE





# אינהאלטס-פערצייכניס:

## די אלטע וועלט

## די נייע וועלט



## די קאַלירטע וועלט

# דער פּרוש.

נאָך האַלבע נאַכט. אין דרויסען איז קאַלט און נאַס. אין בּית המדרש איז שטיל, און האַלב פינסטער. דער נר־תמיד ברענט מיט א שוואַכינקען פייערל, וועלכער זעהט זיך קוים דורך די פערוויכער־טע גלעזעל פון לעמפּעל. די אָפענע פענסטער פון דער אויבערשטער שוהל קוקען אויס, ווי פינסטערע גריבער און ציהען זיך ווייט ווייט. דער שווערער פערפּענדיקעל פון גרויסען זייגער, וואָס הענגט נעבען "מזרח" ריהרט זיך לאַנגזאַם און שלעפּט מיט אויף'ן וואַנד א שטיק שוואַרצען וואָלקען פון דעם שאָטען. זיין קלאַפּ איז אויך שוואַך און פערשטיקט פון זיין לאַנגע רייזע, וואָס ער האָט שוין געמאַכט.

נאָהענט ביי דער בּימה שלאָפט דער פּרוש. זיין בעט בע־שטעהט פון א האַרטען באַנק. צוקאָפּען ביי איהם זיינען אונטער־געלייגט א פּאָאַר אַלטע טליתים, דער גרינער דעק־טוך פון עמוד, און א שוואַרצער האַנד־טוך, וועלכער הענגט פון חדשים לאַנג ביים טיהר.

און דער פּרוש שלאָפט, קוים וואָס ער אטהעמט. דער גרויסער טאָוועל מיט'ן ברייטען אויפשריפט "מה טובו" וועלכער הענגט אויף'ן וואַנד איבער זיין קאָפּ, ווייזט אויס ווי א מצבה איבער א פערשטאָרבענעם.

"פּרוש", אזוי רופט מען איהם. ווען מען זאָל איהם איין מאָהל אין חודש קיין עליה געבען, וואָלט ער שוין לאַנג זיין נאָמען פערגעסען. ער האָט קיין פרוי, קיין קינד; ער זאָגט אז קיין פריינד אויך ניט.

געקומען איז ער אין שטעדטעל מיט יאהרען צוריק; ער איז דאָן א אינגעל געווען. מען האָט איהם גערופען דער "ציפּינסקער" דער נאָמען פון זיין שטעדטעל. אז ער איז ארויס "פאַר זיך" פון דער ישיבה האָט מען איהם א צייט גערופען דער "וואָילער". דאַן האָבען זיך געפונען פּיעלע, פון וועלכע יעדער האָט איהם געוואָלט

נעהמען פאר אן אלמער ספרים פאר זיין טאכטער, נאר ער האט ניט געוואלט. דער רב, דיא דינים פון שטעדטעל האבען איהם א סך מאהל גע'מוסר'ט, אז עס איז א זינד פאר א אידען ער זאל ניט חתונה האבען, נאר ער האט גאר ניט געענטפערט. אז דער רב האט איהם אמאהל גוט דערקוטשעט, האט ער שוין געוואלט אין גאנצען פערלאזען דאס שטעדטעל, נאר גוטע ווייבער האבען זיך גענומען צו דער מצוה איהם אבצוהאלטען כדי דער זכות פון זיין תורה זאל בעשיטצען זייערע מענער און קינדער.

אזוי זיינען געלאפען יאהרען נאך יאהרען. ער איז געווארען עלטער, זיין געזיכט איז געווארען געלער, דאר, קוואר, דאס קליי־נינקע בערדעלע גרוילאך, דאן האט דער רב ביי איהם קוים גע'פועל'ט ער זאל אנטהאן א טלית און מען האט איהם שוין גערופען פרוש.

דער זייגער האט ערשט מיט א הייזעריגען קול אבגעקלאפט איינס־צוויי.

דער פרוש עפענט אויף זיינע אויגען און מיט דיא שנעלקייט פון א ריעז כאפט ער זיך ארונטער פון געלעגער. בשעת מעשה דערפיהלט ער עפעס א שטאך אין זייט, א שווינדעל אין קאפ, נאר ער האט קיין צייט אויף אזעלכע זאכען צו קוקען. דער זייגער איז צוויי... ער האט פערשלאפען א גאנצע שעה.

זיין טואלעט מאכען נעהמט ניט לאנג. ארויפגעווארפען די קאפאטע, פערגארטעלט, אריינגערוקט די פיס אין די שלארעס און פערטיג. ער געהט צום כיור וואשען די הענד און געפינט ניט קיין וואסער.

ער ווערט אויף זיך פול מיט צארן, ווארום ער האט זיך געלייגט אהן וואסער שלאפען, אבער באלד עראינערט ער זיך דאס ער האט יע אנגעגרייט, נאר דער שטן האט דא געמוזט אבשפיעלען מיט איהם א קאטאוועס, אום ער זאל דארפען געהן ד' אמות א אומ־ריינער... דער קראן איז טאקע געווען אבגעדרעהט און דאס וואסער איז אויסגערונען....

ער בלייבט שטעהן אין א קריטישער לאגע. צוויי פלעטצער האט ער וואו וואסער צו נעהמען: ביים ברונען אין מיטען מארק,

אהין איז גאנץ ווייט, וואלט עס אויך ניט אויסמאכען, אבער דעם פריסטאוו'ס גרויסער הונד... דיא קאלטע באד מקוה איז אפילו נאהענט ביים בית המדרש אבער אזא טומאה'דיגער ארט, ווער ווייס וואס דארט טהוט זיך ביינאכט... ער האט עטליכע מאהל פון דארט געהערט ווילדע געשרייען, קוויטשעניס פון חיות און מזיקים... א ההה...! ער טרייסעלט זיך אב.

נעהמען א ספר אין האנד, איז אויך קיין פלאן. עס בלייבט ביי איהם ער וועט געהן, וואו די פיס וועלען איהם טראגען דען "שלוחי מצוה אינן נזקין".

ער נעהמט ארויס פון אונטערן באנק א בלעכענע קאן מיט געלע פערראסטעטע פלעקען, וויא א שעפסעלע פון יעקב אבינו'ס סטאדע... שנעל שליסט ער אויף די טיהר און לאזט זיך געהן.

חושך, פינסטער. דיא גאנצע וועלט דאכט זיך שטעהט אונטער א שווארצען טינטער טינט. ער געהט. די שלארע פון זיין לינקען פוס איז איהם מאנכעס מאהל אונגעטריי. זי וויל בעסער בלייבען אין דער ווייכער בלאטע, איידער אויף א הארטען פערדארטען ביין; דער פרוש אבער בעט איהר מחילה און קריכט ווייטער.

פלוצלונג בלייבט ער שטעהן דערשראקען.

ער דערהערט א שטילען קרעכץ. ער הערט זיך גוט צו, א זיפצען מיט וועהטאג פון א מענשען קומט צו איהם אלץ נעהנטער און דייטליכער. ער וויל לויפען צוריק אבער עס פעהלט איהם כח. דא שטעלט זיך איהם פאר געגען די אויגען יענער בילד וואס זיין טאטע האט איהם אמאהל דערצעהלט; ווען ער זיין טאטע איז אמאהל געפאהרען ביי נאכט, האט ער דערזעהען א געבונדענעם שעפס אויף'ן וועג. ער האט דעם שעפס גענומען אויף'ן וואגען און געפיהרט א ווייטע שטרעקע און קומענדיג נאהענט צום הויז האט דער שעפס זיך צולאכט און איז פערשוואונדען...

— ווער געהט עס דארט? — הערט ער ווי יעמאנד פרעגט מיט א שוואכע שטימע אויף א גויש'קען לשון, "ראטעוועט מיך, איך געה אויס".

א גויש'קער לשון! געווים א בענאכטיגער, טראכט דער פרוש אין ציטערניש און שרייט אויס "שמע ישראל"!

''ישראל'קע! דו ביזט עס'' — הערט ער ווייטער ווי דער בענאַכטיגער בעט זיך מיט רחמנות — קענסט דאָך מיר, זעה ראַ־טעווע מיך.

דאָ איז דער פּרוש געבליעבען אַ ביסעל בערוהיגט. דער ''שמע ישראל'' איז דער שטאַרקסטער וואפען צום בעזיעגען דעם גרעסטען שונא און געפעהרליכסטען ניט־גוטען; אָבער ווען מען ענטפערט נאָך אויף דעם, מוז דאס זיין אַ פּשוטער בשר ודם.

— אָה, מיין הערץ, מיין הערץ! זעהט ראַטעוועט מיר.

דיא ווערטער האָבען פאַר'ן פּרוש גענוג דייטליך געקלונגען און ניט קיין סך טראַכטענדיג, האָט ער זיך געלאָזען לויפען, צוריק צום בית המדרש בריינגען אַ ליכט. סטייטש, פּקוח נפש !

באַלד איז ער געקומען צוריק מיט אַ ליכט. דיא בלעכענע פאַן אונטערן אָרים און מיט דער צווייטער האנד בעשיצט דאס פייערל פון ליכט, דער ווינט זאָל עס ניט פערלעשען.

פאַר'ן שיין פון ליכט, האָט ע רדערזעהן דאס ער שטעהט נאָהענט פון ביילע גיטע די ליכטצונקערינס הויז; די צווייטע שטוב פון הקדש, נאָהענט צום באָד, און אין די ערטער האָט ער געהערט די יאָמערדיגע שטימע.

— בררררר! אטטט! בררר! — האָט ער ווידער דערהערט אַ ציטערן פון זעלבען אָרט.

— געוואַלד, — האָט דער פּרוש אויסגעשריהען — זעהענדיג אַ מענשען ליגענדיג האלב אין בלאָטע, פון אויבען בעדעקט מיט אַ טיך בלוט. עס שווינדעלט איהם אין קאָפּ, עס ווערט איהם פינסטער אין די אויגען און ער וויל פערלעשען די ליכט. זאָל אלעס בלייבען צוריק פינסטער, נאָר אין זיין הארץ שרייט אַ שטימע: ''פּקוח נפש''...

לאַנגזאם, מיט ציטערניש בייגט ער זיך צו צו דער ערד און דער־קענט באַלד ''אַנטאָני דעם סאָלדאַט'' וואָס האָט זיך געוואַלגערט אַרום אידישע הייזער. ער איז געווען פון די ניקאָלייעווסקע. אַ יש אומרים, אַז אַמאָהל איז אַנטאָני אויך געווען אַ איד. דער פּרוש האָט איהם אויך גוט געקענט. ביי די בעל הבית'טע וואו ער האָט

געגעסן דיענסטאָג, האָט אַנטאָני אָפּט גענומען אַ שטיקל ברויט. דער פּרוש איז געבליבן רוהיג, נאָר פערצווייפעלט און ניט גע־וואוסט וואָס ער זאָל טהאָן.

דער קראַנקער, זעהענדיג ביי זיך וועמען עס איז, האָט געעפענט דיא אויגען און געבעטען דער פּרוש זאָל איהם נעהמען צו זיך אהיים.

— איך האָב אָבער ניט קיין היים — ענטפערט דער פּרוש.

דער פּרוש האָט זיך בעדענקט פּיעלייכט זאָל ער איהם נעהמען אין בית־המדרש. דאָ איז איהם געקומען אויף׳ן געדאַנק וויא אַזוי קען ער אַ גוי ברייננען אין אַ מקום קדוש? און וואָס וועלען דיא בעלי בתים זאָגען מאָרגען פריה? און אפשר שטאַרבט ער גאָר אין בית המדרש?

— שטעה ניט, קוק ניט! — שרייט די אינערליכע שטימע — פּקוח נפש! די מצוה איבער וועלכע מען מעג מחלל שבת זיין, די הייליגסטע זאַך. שטעה ניט, פּקוח נפש!

דער פּרוש האָט נאָך אייניגע מינוטען געטראַכט. ער פיהלט דאס הארץ ווערט אין איהם צוריסען פון צער, און די שטימע שרייט: פּקוח נפש! ער נעהמט זיך אָן מיט דער שטאַרקייט פון אַ לייב, ווארפט אראָפּ די ליכט, די קאַן, נעהמט דעם קראַנקען און טראָגט אהין... וואו דער נר תמיד צאַנקט ארוים.

ער טראָגט דעם גוי און זיינע פיס בויגען זיך פון שוואַכקייט; די קאַלטע שטיקלאַך בלאָטע און ווארעמע טראָפּענס בלוט פאַלען אין זיין האַלז.

אָט איז ער שוין מיט איהם אין בית המדרש. ער פאַלט באַלד מיט איהם צוזאַמען צו דער ערד, נאָר ניין! דער פּרוש האַלט זיך שטאַרק און טראָגט איהם צו אויף׳ן געלעגער, פון וועלכען ער איז ניט לאַנג אויפגעשטאַנען.

פון אָרון קודש — האָט זיך דעם פּרוש געדאַכט שרייט אַ שטימע ״פּקוח נפש״. די פענסטער פון דער וייבערשער שוהל שיינען פיעל העלער און דער זייגער אויף׳ן וואַנד קלאַפּט אויך העכער.

דער פּרוש בלייבט ניט שטעהן. ער לייגט דעם קראַנקען אויף זיין געלעגער און לויפט אַרויס ברייננגען וואַסער. די קאַן האָט ער געפונען אויף׳ן זעלבען פּלאַטץ. ער פערגעסט די באָד מיט איהרע שרעקליכע איינוואָהנער. ער ווייס נאָר אַז דאָרט איז דאָ קאַלטע וואַסער און מיט דעם וועט ער מקיים זיין די מצוה פון פּקוח נפש.

עטליכע מאָהל בעריהרט ער די טהיר און געהט אַריין... ער האָט אויף אַ ווייל́ע פערמאַכט די אויגען... לאַנגע רויטע צינגער... וואַסער מיט בלוט... גרויסע הערנער מיט ווייסע בערד, אָט גיט מען איהם שלום עליכם און טויזענדע קולות שרייען, לאַכען און פּאַטשען.

— פּקוח נפש! פּקוח נפש! — הערט ער יענע שטימע.

אָט ליעגט ער אויסגעצויגען ביי דער מקוה און שעפּט וואַסער, ער וויל זיך אויפהויבען צוריק און קען ניט, ווי שווערע קייטען וואָלטען איהם צוריקגעהאַלטען; אָט עפענט זיך די טהיר פון שוויץ־באָד, אַ מענש מיט צוויי קעפּ ווייזט זיך, ער נעהמט לויפען פון שרעק און פאַלט אַריין מיט׳ן קאָפּ אַראָפּ אין דער טיעפער מקוה...

* *
*

די שרעקליכע נייעס האָט אויפגעהויבען די גאַנצע שטאָדט. מען האָט ניט געוואוסט וואָס דאָס קען בעדייטען. דעם פּרוש, וועלכער האָט טאָג און נאַכט געלערנט, האָט מען געפונען דער־טרונקען אין מקוה, און אַנטאָנין דעם פּויער האָט מען געפונען טויט אין בית המדרש.

ענדליך איז געקומען דער רב און האָט ערקלעהרט דעם פּינס־טערן סוד.

אַנטאָני איז געווען איינער פון די למד וואָוו׳ניקעס איז ער געשטאָרבען אין אַ מקום קדוש, און דער פּרוש וועלכער איז געווען אַ זינדיגער כל ימיו, וויל ער האָט ניט חתונה געהאַט, איז גע־שטאָרבען אין אַ׳ן אונריינעם אָרט.

# מיינע קינדערשע סליחות.

״שטעה אויף מיין קינד, שטעה אויף. דער טאטע איז שוין מיט א שעה פריהער אוועק צו סליחות, שטעה אויף, וועסט אין גאנצען פערזאמען״.

אזוי האט מיך די מאמע געוועקט, לאנגזאם גלעטענדיג איהר האנד איבער מיין שטערן.

איך האב א ווײלע געעפענט מיינע אויגען, און צוריק פער־מאכט. מיין קאפ האט זיך ניט געוואלט ריהרען פון די איינגעוואַ־רעמטע קישען. די ווייכע פערענע האט מיר געשאפט אונטער זיך א שטילע פערגעניגענדע וועלט, און געמאכט פערגעסען, די פער־כמארעטע דונקעלע וואלקענס, דעם רעגען מיט די טיעפע בלאטעס און דעם גאנצען טרויער וואס עס ברייננגט דער חודש אלול.

״נא, אט האב איך אנגעווארעמט דיינע זאכען, גיך מיין קינד טהו זיך אן, הפנים דו פערגעסט גאר, אז היינט איז די ערשטע סליחות. מארגען, וועסטו קענען שלאפען, אבער איצט, מוזטו אויפשטעהן״.

ביי די רייד, האט מיין מוטער גענומען עטוואס אפדעקען די פערענע. איך האב דערפיהלט ווי וועלטען קעלטען, מיט שטורעמ־דיגע ווינטען האבען זיך אין בעט אריינגעכאפט. איך האב געצי־טערט. מיט געוואלד האב איך זיך געזעצט, און ארויפגעווארפען אויף זיך דעם טלית־קטן און קאפטאניקל און בין געבליעבען זיצען.

״דו זיצסט נאך? — האט מיין מוטער שוין מיט כעס גע־זאגט — האסט דאכט זיך די גאנצע צייט געליארמט, אז דו וואלסט שוין וועלען הערען דעם חזן מיט זיינע אינגלאך, זאגענדיג סליחות, און איצט חלום׳סטו גאר, און וואס מיינסטו דער רבי וועט דיר עפעס שווייגען? מיר האבען זיך מיט איהם בעדונגען ער זאל בין הזמנים אויך מיט דיר לערנען, שטעה אויף״.

די לעצטע ווערטער פון מיין מוטער זיינען כמעט ווי ניט נעטהיג געווען מיך צו ערמונטערן, איך זאל אויפשטעהן. דעם דערמאָהנען פון חזן מיט זיינע אינגלאך, האָט מיך א הויב גע־טהאָן, און צייט אייניגע מינוטען בין איך געווען אויף'ן וועג צו סליחות.

אין דרויסען איז געווען פינסטער. א קאלטער ווינטעל צוזאַ־מען מיט דראָבנע טראָפּענס רעגען האָט געשמיסען אין געזיכט. די לאָדענס פון די פענסטער האָבען זיך לאנגזאם געדרעהט אויף זייערע זאוויעסעס, און ווי א געקרעכצטער כאָהר מיט זיפצען, צו־געקריצט אויף פערשיעדענע שטימען, האָט זיך געטראָגען פון איין עק שטעדטעל ביז'ן צווייטען. דער איין איינציגער לאָמפּ, וואָס האָט געברענט אין מיטען מארק, האָט אויך געלויכטען, דונקעל, אונמוטהיג פערטראָגען — עס איז אלול... טרויעריג...

איך בין געווען א פחדן, איך האָב זיך געשראָקען, אָבער איך האָב געמוזט דעם שרעק אין זיך פערשטיקען און ווייזען אז איך בין העלדיש, דען דער טאַטע פלעגט קלאַפּען א זייט און ברעכען א ביין פאַר אזעלכע זאכען. "מען טאָהר זיך ניט שרעקען, ווען מען טהוט גוטעס אי פאַר גאָט אי פאַר לייטען — פלעגט ער זאָ־גען — די "ניט־גוטע" האָבען קיין שליטה צו טהאָן בייזעס, עהר־ליכע מענשען. און די טויטע דאווגען גאַנץ רוהיג אין שוהל, זיי האָבען זיך זייערס צו טהאָן, און ריהרען געווים קיינעם ניט"

מיין רבי דאגעגען, שלום מייטעס, פלעגט דערצעהלען פון מזיקים וועלכע זיינען פול אויפ'ן פעלד, אין וואלד גאנצע טעג, און ווי עס קומט נאכט, ברייננט זיי דער ווינד אריין אין שטאָדט. זייער מקום מנוחה, איז אין באָד, אין דער אלטער פוסטער תלמוד תורה, אין הקדש אויפ'ן בוידים, נאָר צייטענווייז זעהט מען, ווי זיי רוקען ארום פייערדיגע קעפּ פון ווייסען מויער וואו דער גלח וואוינט. דעם פאקט האָט דער רבי בעשטעטיגט, דאס ער מיט זיינע אייגענע אויגען האָט אזא קאָפּ געזעהן אין א מיטען נאכט, ווען ער איז געגאנגען רופען די הייבאַהם צו זיין חיה'ען, וועלכע האָט איהם דעם געראָטענעם יודעלען געבראכט.

און דער רבי האָט אַמאָהל געזאָגט: ״יונגאַטשעס אַזעלכע שקצים ווי איהר זייט קען דער טייוועל לייכט אַ שפּיטצעל אָפּטהאָן; געהט יונגאַטשעס זאָלבע־דריט זאָלבע־נאַנד״.

העלד היינט, העלד מאָרגען, דעם רבי'ס ווערטער האָבען אין מיינע אויערן דאָך מעהר געקלונגען, אַלס דעם טאַטען'ס. איך האָב מיך געשראָקען.

״אַהיין אין הויז צוריק? — האָב איך זיך געפרעגט — איך וועל זיך בעהאַלטען אין ווייטען קאַמער און גענוג.

״אָבער וואָס וועט זאָגען דער טאַטע? דער רבי?

״צו־וואַק ציר, צור צוואַק צוואַאק — סקריפּענען די לאָדענס, דער ווינט בלאָזט אַביסעל שטאַרקער, און דער רעגען קלאַפּט אין די פענסטער ווי די ניט־גוטע וואַלטען באַראַבאַנען מיט זייערע קופּערנע נעגעל.

— בררררר — האָב איך געציטערט.

״שטעהעט אויאויף צוא־אַ סליחעת״.

אָנפאַנגס האָב איך זיך דערשראָקען פון דעם אויסרוף, אָבער באַלד האָב איך זיך בערוהיגט, און טאַקע זיך גאַנץ געשטאַרקט. דאָס איז געווען די שטימע פון ירוחם דעם שמש, און דאָ האָב איך געהאַט די מעגליכקייט, מיט וועמען צו געהן גלייך אין שוהל.

איהם זעהן, האָב איך ניט געקענט, נאָר געהערט זיינע שווערע טריט, וועלכע האָבען איבערגעקעהרט די בלאָטע מיט'ן גרונד פון אויבען. קוואַץ, פּליסק, קוואַץ.

די טהיר האָט זיך מיט אַמאָהל געעפענט, און מיין מאַמע האָט גערופען:

״ר' ירוחם, ר' ירוחם!״ איך האָב געהערט אייער קול ר' ירוחם, וויל איך אייך בעטען, אַז איהר וועט געהן אין שוהל, זאָגט מיין מאַן, ערשטענס ער זאָל דעם אינגעל ניט שלאָגען דערפאַר וואָס ער איז אַוועק אַזוי שפּעט און צווייטענס באַלד ווי ער וועט אָפּדאַווענען, זאָל ער דאָרט ניט פערבלייבען שמועסן מיט די בטלנים, עס איז היינט אַ מאַרק און איהר פערשטעהט דאָך ר' ירוחם אויף אַ שטיקעל פּרנסה דאַרף מען האָבען אויגען, זאָלען אכטונג געבען״.

״וואָ... וואָ... הייסט איך פערשטעה דען ניט וואָס פרנסה הייסט? אַ שאלה דאָ... דאָ.. דאס איז הום.. הום... אוכהום.. אַ גלעזעל ווארעמס, קען איך אפשר ביי אייך קריגען. דער גומען איז מיר שוין טרוקען שרייענדיג, אוכהום... הום... אַ זינדיגע וועלט, מען דארף שטארק וועקען״.

״מיט׳ן גרעסטען פערגניגען, ר׳ ירוחם, קומט אריין, קומט! די מויד האָט אקאָרשט געמאָלקען די קוה, טרינקט מילך ס׳איז בעסער ווי צאמבער״ (אזא גראָז וואָס ווערט געטרונקען אין דער ליטא.)

״הום... אכהום... לאנג לעבען זאָלט איהר״.

ירוחם איז אריין אין הויז, די טהיר האָט זיך פערמאכט, און איך בין געבליעבען ווידער אין פינסטערניש.

* * *

וואו איך געה האָב איך ניט געזעהן וויל איך האָב מיינע אויגען שטארק צוזאמענגעקוועטשט... נאָר דערפיהלענדיג אונטער זיך הארטע שטיינער איז מיר געוואָרען גרינג, אַ מחיה אויף׳ן הארצען אקוראט ווי פודען שווערינקייטען, האָבען מיר פון זייער לאסט בעפרייט, פייערדיגע ענגע צוואנגען, האָבען מיך געלאָזען לויז — די הארטע שטיינער האָבען מיר אָנגעזאגט, אז איך בין שוין פערביי דעם גלח׳ס מויער. די באָד, די תלמוד תורה, אלץ, אלץ בייזעס אריבער. יעצט שטעה איך ביים פעלדשער׳ס גאניק. ער איז דער איינציגער, וואָס האָט געלייגט שטיינער ארום זיין הויז, און דאָ איז ניט ווייט דער שוהל־הויף. איך האָב לאנגזאם געעפענט די אויגען און פריי געאטהעמט...

— אוי טאראַי אָי אָי ואל התפלה! די ווערטער האָבען פאר מיר געקלונגען קלאָהר, לויטער. איך האָב געזעהן דעם חזן פאר מיינע אויגען, געהערט די צארטע שטימעלעך פון זיינע אינגלעך, ווי זיי בעטען מיט הארץ מיט געפיהל. און עס האָט מיר עפעס ווי געמאכט פאָרווירפע, זיי זיינען נעבעך אויסגעדארטע, שוואכינקע, און זיינען געווים גאנץ פריה אויפגעשטאנען; און איך שטעה נאָך איצט ביים פעלדשער׳ס הויז.

— אָי הט אָזניך ממרום ממאָרום טאארוי! יושב תהלות אי אי אי.

איך בין שוין אין מיטען שוהל־הויף וועלכער איז בעלויכטען ווי אַן עכטע איללומינאציע מיט די ליכט, פון די קלויזען, און גרויסע שוהל. די טראָפּענס וועלכע זיינען געפאַלען פון שווארצען הימעל אויף דר׳ערד, האָבען פאר דער שיין געבלאַסקעט ווי בריליאנטען.

— אָה וועה איז מיר, ביטער איז מיר וואָס זאָל איך איצט טהאָן! מיין קינד געהט אוים, וועה צו מיינע יאהרען!

איך האָב מיט פערוואונדערונג דערקענט אין דעם וויינען... דעם חזן׳ס ווייב.

— וואָס איז געשעהען חיה קריינע — פרעג איך איהר מיט שרעק.

— מיין שלמה׳לע געהט אוים.

— נו געהט אריין צום פעלדשער.

— איך בין געווען, ער איז ביי חיים דעם ביער־ברויער.

— געהט רופט איהם.

— עם איז ווייט, איך קען דעם קראנקען קינד אליין ניט איבערלאָזען.

— זאָל איך ארויסרופען אייער מאַן?

— ער האלט דאָך אין מיטען דאוונען — האָט זי געוויינט מיט טרעהרען.

— נו וועל איך ארויסרופען אייערע אינגלעך.

— חלילה! מיין אַלטער קוים וואָס ער לעבט, ער קען אָן זיי אַ מינוט ניט אויסקומען. זיי העלפען איהם אוים אין אַלע הויכע ערטער; ער זאָל היינט דורכפאַלען מיט די סליחות, איז קאַפּוט מיט ראש השנה און יום כפור. און די האָפנונג פון גאַנצען יאהר, איז ווי אַ רויך, אָבער וועה איז מיר וואָס זאָל איך טהון אוי וועה, אפשר יע ארויסרופען, אָבער... ניין, אָבער מיין קינד... געה געה רוף ארוים, ניין, ער האַלט דאָך אין מיטען, אָה וועה איז מיר, אפשר וועט ער אויסבעטען אַ רפואה, ער האָט איהם געלאָזען פערבייי... וועה... וועה...

— געהט איהר צו אייער קינד, איך וועל לויפען רופען דעם פעלדשער, האָב איך געזאָגט מיט קוראזש.

— איין גאָט זאָל דיר דערפאַר העלפען, די פּערדיענסט די גרעסטע מצוה, אייביג וועל איך דיך ניט פערגעסען, אז גאָט וועט געבּען מיין שלמה'לע וועט געזונד ווערען, וועט מיין אַלטער דיר זינגען דעם מאָרעשמאַיע (מרן דבשמיא).

בּיי די לעצטע ווערטער, האָט זי אַ שטאַרקען דריק געטהאָן מיינע הענד, און איז שנעל אַוועק, בּליפּענדיג.

*　　*　　*

חיים דעם בּיער־בּרויער'ס הויז, איז געווען אַ היבּשע שטיק וועג פון שוהל־הויף. מען האָט גדראַפּט איבּערגעהן דעם טייך און אַ שטיק ליידיגע פעלד. נאָר עפּעס דאס מאָהל האָט מיר שוין דעם טאַטען'ס ווערטער געשטאַרקט אז: "מען טאָר זיך ניט שרעקען, ווען מען טהוט גוטעס אי פאַר גאָט, אי פאַר לייטען". איך בּין געלאָפען שנעל, עס האָט מיר ניט געקימערט דער רעגען, די בּלאָטעס. יעדע בּרעט וואָס איך האָבּ אויף'ן בּריק אַ טרעט געגעבּען האָט זיך אַ וויג און אַ קוויטש געטהאָן, עפּעס ווי איך וואָלט דאָרטען אַ בּייזען רוח צוגעקוועטשט. דער טייך האָט פירכטליך געבּרויזט, די בּוימער אַרום די בּרעגעס האָבּען מיט שטורעם גערוישט — און איך בּין געלאָפען שנעל.

אז איך בּין געקומען צו חיים'ס הויז, האָבּ איך געטראָפען ווי דער פעלדשער שטעהט אין טהיר, ער האַלט בּיים אַוועקגעהן און זאָגט:

— דעם קאָמפּרעס בּייט איינס נאָך דאס אַנדערע אויבּ עס וועט ניט העלפען, וועל איך בּריינגען נאָך בּאַנקעס. עסען אַלץ, אַ חוץ הערינג, פלייש, פיש, און קיינע מילכיגס, ווייטער אַלץ, אַבּיסעל זופּ, אַבּיסעל וויין מאַכט ניט אויס. דער קאָפּ זאָל ליגען העכער און ע... דעם שפּריצער זאָלט איהר האַלטען ריין. אויבּ ער וועט קענען זאָל ער זיך אַבּיסעל דורכגעהן. אָבּער מיט'ן בּאַנד... יע און... נעכטיגע פלעשלעך גיסט אויס, מען דאַרף אַנדערע, אז ...ין וועט דאַרפען, זאָלט איהר מיך רופען, אַ גוטען טאָג.

— אָט פון אַזאַ פּאַרשוי'ן, קען מען וואָס אָפּלעקען. נו, נו,

האָב איך עס אָנגעמאַכט שרעקענים — האָט דער פעלדשער גערעדט מיט זיך, מיך ניט בעמערקענדיג.

— פאני פעלדשער — בין איך אונטערגעשפרונגען זעהענדיג אז ער וויל געהן נאָך ווייטער, ניט צום שטעדטעל — איך בין אייך געקומען רופען, דעם חזן׳ס אינגעלע איז פערביי.

ער האָט מיך אָנגעקוקט פערוואונדערט.

— וואָס פאַר אַ מחותן ביזטו צו געהן רופען מיך פאַר׳ן חזן׳ס ממזרים, שגץ דו? איך וועל דערצעהלען דיין טאַטען, וועט ער דיר געבען אַ חלק.

— אָבער דאַס קינד געהט דאָך אוים — האָב איך זיך געבעטען, דאַס הארץ פערקלעמט, און דאָ האָב איך זיך דערמאָהנט אַז איך פאַרזאַם סליחות.

— איך האָב קיין צייט, מען וואַרט אויף מיר ביים פריץ, געה שגץ אהיים.

דאָס אידישע קעפיל האָט אין מיר שטאַרק גענומען אַרבייטען: ״זאָל איך יע, זאָל איך ניט״ — האָב איך געטראַכט — ״זאָל איך יע״ און ביי מיר איז געבליעבען, אַז יע.

— הערט נאָר פאַני פעלדשער — האָב איך געזאָגט מיט מוטה — אויב איהר געהט מיט מיר איז גוט, אַ ניט געה איך באַלד אריין צו חיים׳ן, און דערצעהל וואָס איהר האָט געזאָגט אַראָפּגעהענדיג פון גאַניק.

— וואָס ? ! ! !

— געוויס, איך האָב געהערט.

דעם אויסדריק פון זיין געזיכט, האָט די פינסטערניש פון מיר פערשטעלט. איך האָב נאָר געזעהן ווי ער טופעט מיט די פיס, פון שטאַרקען כעס און ענדליך צו מיר געזאָגט:

— ווערסטו די פויערים צו מיר שיקען רייסען צייהנער, שגץ דו?

— אויב זיי וועלען נאָר דאַרפען, וועל איך צו אייך ברייגנען.

— טאָ קום !

אין דרויסען האָט שוין אביסעל געטאָגט, נאָר אין שטיבעל איז געווען גוט פינסטער. דער בלעכענער לעמפעלע האָט געוואָרפען

א בלאסען שיין אויף׳ן נידריגען באלקען און א קיילעכדיג ליכטעלע האט זיך דערפון גערעדעלט.

דעם פעלדשער האב איך געלאזען הינטער זיך, און איך בין געקומען פאראויס, ניט געפינענדיג אבער אין שטיבעל די מוטער, מיט איהר קראנקען קינד, האט עס מיך זעהר געוואונדערט.

— ווייזט מיר אהער דעם קליינעם פיזיק! — האט דער פעלדשער אויסגעשריהען נאך האלטענדיג איין פוס פון יענער זייט טהיר — גיכער ווייזט מיר דעם חברה־מאן.

— ניט די מוטער, ניט דאס קינד איז דא — האב איך גע־זאגט אין פערלעגענהייט.

— וואס האסטו מיך גערופען שגץ אייגער!

— אז... איך...

— פעלדשעריציקיל! גאט איז מיט אייך! קומט גיכער אין שוהל, דארט איז א גאנצער בית עולם — איז מיט אמאהל אריינ־געלאפען ירוחם דעם שמש ווייב — א נס, וואס איך האב דא פער־בייגעהענדיג אייער קול דערהערט, איך בין דאך אביסענקע צו אייך געלאפען, פעלדשעריציקיל. וואס זאל איך אייך א סך בריי̇ען, דעם חזן׳ס אינגערער אינגעל האט א הויכען געשריי געטהאן, און דערנאך גע׳חלש׳ט. איך ווייס ניט וואסער א שווארץ יאהר, עס האט די חזן׳טע אנגעזאגט, נו איז זי געקומען מיט איהר קליינעם שלמה׳קען וואס האט זיך געמאטערט, ליביצקער וואס זאל איך אייך א סך ברייען, זי האט ניט געהאט וואו צו לאזען דעם קינד, און אין שוהל האט זי איהם געבראכט שוין א טויטען, דער אנדערער זשי־פעט נאך. זי אליין איז ווי געלעהמט, דער חזן געהט אוים. זעהט קומט גיכער, גאט איז מיט אייך, קומט, מען האט זי אריינגעטראגען ביי לייבציק דעם שוסטער.

איך בין געלאפען. אין לויפען האב איך פערגעסען די גאנצע וועלט. איך בין געלאפען זעהען דעם חזן׳ס אינגעל, וואס זינגט, איך האב געפיהלט אז דאס הארץ געהט אין מיר אויס, אז דער פעלדשער מיט ירוחם׳ס ווייב זיינען נאך געווען ווייט, בין איך

שוין געווען אויף'ן שוהל־הויף, איך בין געלאָפען אין איין אטהעם, אהין, אהין, זעהן דעם חזן'ס אינגעל וואָס זינגט, און איך בין געבליעבען שטעהן... מיין טאַטע איז ארוים פון שוהל און ער האָט מיך בעגעגענט מיט די ווערטער:

— אָט איצט לויפסטו ערשט סליחות זאָגען, האָ? וואו ביזטו עס געווען דעם גאנצען פריהמאָרגען, האָ? וואָס מיינסטו דו וועסט מיר אויסוואקסען א פויער, נאָך דערצו א ליגנער אויך! דער מאַמען האָסטו געזאגט אַז דו געהסט צו סליחות און האָסט זיך אנדערשוואו פערדרעהט, האָ? זאָג וואו ביזטו געווען, האָ?

— ביי די חזן'טע אייייך האָאָב... גערופען דעם פעלדשער...

— שטיל דו ליגנער — האָט דער טאַטע געברומט — קום אקאָרשט איצט אהיים, דאָרט וועל איך דיר ווייזען ווי אזוי צו זאָגען ליגען. און וויעדער וואָס פאר א מחותן ביזטו צו רופען פעלד־שערם פון דער גאנצער וועלט, און פארזאמען סליחות זאָגען, האָ ? ! ! !

אין דערהיים האָט דער טאַטע מיט מיר געטהאָן דעם רעכט... און אָנגעזאגט דער מאַמען זי זאָל מיר ביז ניין אזייגער ניט עסען געבען, דערפאר וואָס איך האָב קיין סליחות געזאגט.

* * *

דעם ארעסטאַנט וועלכען מען פיהרט אין פעסטונג, פיהלט זיך געוויס בעסער אלס איך האָב געפיהלט ביים געהן אין חדר. פוסט, ליידיג ניטאָ די חברים, אלע לויפען ארום פראנק און פריי און איך עלענדער, וויעדער אין חדר. איך האָב געוואוסט פאָראויס, אז דער רבי וועט מיך אויך ניט שאנעווען. איך בין איינער, און זיין טעגליכען צאָרן, וואָס ער גיסט אוים צו צעהן קינדער וועט ער עס מיר אָפגעבען.

אויף'ן וועג האָב איך זיך דערוואוסט אז דעם חזן'ס צווייטער אינגעל איז אויך געשטאָרבען, עס האָט זיך געצויגען איהם זעהן, נאָר אין חדר, אין חדר, האָב איך געדאַרפט געהן.

דער רבי איז ניט געוועז אין שטוב, נאָר ער האָט איבערגע־לאָזען א פּריקאז דורך דער רביצין, איך זאָל ווארטען, ביז ער וועט קומען.

איך האָב געווארט אָנגעשפּאַרט ביים אויווען און איינגעשלאָ־פען. אין שלאָף האָב איך געזעהן ווי דעם חזן'ס איינגעל פליהט אין הימעל מיט א פּאאר זילבערנע פליגען, און זינגט טאקי אי אי אי ואל התפלה. און די מלאכים לויפען איהם ענטקעגען, כאפּען איהם אַריין און זינגען מיט. דער קליינער שלמה'קעלע לויפט נאָך זיין ברודער און פּאַטשט מיט זיינע ליפּעלעך פּאַ־פּאַ־פּאַ־מו־מו דער חזן און חזן'טע שטעהען אין ווייסע קליידער אזוי ווי יום כפור און קלאָגען הויך, הויך, אַז ביי יעדער געשריי טהוט מיין הארץ א שפּרונג...

— היי כל־בוניק, וואָס פאר א שלאָף איז אויף דיר טריפה'־נער ביין, דאכט זיך סליחות ניט געזאָגט, אין דר'ערד אַריין, קום לערנען כל־בו'ניק.

איך האָב געעפענט די אויגען, דער קאָפּ האָט מיר געשווינ־דעלט, און האָב פאר זיך געזעהן ווי די שטוב דרעהט זיך צוזאַמען מיט'ן רבי'ן....

— נו ריהר זיך כל־בו'ניק.

געהענדיג צום טיש בין איך געפאַלען און זיך פאנאנדערגע־וויינט. דער רבי האָט געשריהען: געה אין שווארץ־יאהר, געה אהיים!

*      *
*

דריי וואָכען בין איך געלעגען קראַנק און גאנצע נעכט האָב איך געשריען: טארו אי אי ואל התפלה...



# ר׳ יעקע.

יעקע דער שניידער איז ניט געווען פון דעם כלל, אויף וועלכע מען זאָגט אַ שניידער איז קיין מענש ניט. ביז דרייצעהן יאהר האָט ער זיך געהאָדעוועט אונטער דער קנוטע פון בייזען תלמוד תורה מלמד, און דערנאָך זיך געוואלגערט אונטער אַ סך שניידערשע טי־שען — דאָך איז ער אויסגעוואקסען אַ יעקע מיט לייטען גלייך; ער איז ניט געווען אַ שניידער פון די וואָס שלעפען זיך אַרום די גאַנצע וואָך איבער דערפער, זוכען אַרבייט. יעקע האָט געהאַט זיין מאַסטערסקאַיא און צו איהם איז מען געקומען. געמאַכט האָט יעקע אַרבייט, אַז פּאַריז איז אַ הונד געגען זיינע מאָדעס. דעם כאַלאַט, אָדער קאַפּטאָן, וועלכען ער האָט גענעהט, איז געווען אַזוי מעכאַניש, אַז דאָס האָט געפּאַסט אי פאַר די פּויערטע און אויך פּיר איהר מאַן.

יעקע האָט זיך שטאַרק געמישט אין שטאָדט־זאַכען, געזאָגט מבינות אויף׳ן חזן, געשריען אויף׳ן בעדער, וואָרום ער גיט ניט הייסע וואַסער; מיט איין וואָרט, איבעראַל איז געווען יעקע.

— זיסלע! — פלעגט ער זאָגען צו זיין פלונית׳טע — אויב חנה באַשע די נגידה וועט פערנעהמען דיין שטאָדט אין שוהל מיט איהרע גראָבע שניר, זאָג אַז דו ביזט מיינע... דו פערשטעהסט איך בין יעקע, צו מיר קומט מען אויף! און איך בין אַזאַ יחסן ווי אַלע אַנ־דערע בעלי בתים.

* *

*

די טהירען און פענסטער פון חיים לייבע׳ס הויז זיינען אָפּען געשפּאַנט. מען שייערט, מען סקראָבעט, מען וואַשט און מען שווענקט. עס שטורעמט, עס קלאַפּט, אַז די הויז קעהרט זיך אי־בער. היינט פאַנגט מען אָן באַקען מצה.

דער משגיח, די מעהרע־קנעטערין, די וואלגערינס מיט די רעדלעך, דער מעהל־שיטער און וואסער־גיסער, אלע שטעהען פאר־טיג צו דער ארבייט, צו ווייזען, ווי אזוי אונזערע עלטערן האבען אמאהל געארבייט אין מצרים.

און באלד הערט זיך שוין דאס קלאפען פון די וואלגער־העל־צער, דאס סקראבען מיט'ן גלאז, אין טאקט מיט'ן הוסט פון משגיח.

— וועמענס מצה באקט מען יעצט? — פרעגען אייניגע — אויב דעם רב'ס דארף דאך ווער עס איז פון זיין הויז אכטונג געבען.

— דאס איז ניט אייער זאך — ענטפערט חיים לייבע שטעה־ענדיג אויף דער ליאזאנקע, וואו ער לייגט אוים נאסע האלץ צום אויסטריקענען — דאס איז דעם רב'ס, — און וויעדער וואס געהט עס אייך אן? איהר ארבייט!

— און יעקע? — שיסט ארוים איינע מיט א הייזעריגע שטימע — א חידוש, ער קומט ניט. ער איז דאך דער צווייטער פון רב, דער שני למלך.

— אן טראגט מען שוין זיינע מעהל — שרייט אוים יאסע קאבאצניק, שטעהענדיג ביים פענסטער רייניקענדיג די רעדלעך אין אביסעל היי, — אן געהט ער אליין אויך, דער פאדראבינטשיק מיט'ן געלען שטעקען.

— יעקע! יעקע! יעקע! שרייען אלע אוים אין איין קול ווען ער קומט אריין פאראויס, און הינטען דער "טרעגער" מיט א זאק מעהל, שלעפענדיג.

— שא, שווייגט, כת־לצנים! איהר וועט דאך פאריעקענען דעם קאפ, משיח געהט ניט — ברומט דער משגיח וועלכער האט א שלעכט אויג אויף'ן גראבען שניידער פאר וואס ער שטופט זיך צווי שען "פיינע אידען".

— שוין באלד געקאנטשעט דעם רב'ס ר' חיים לייב? איך בין דא מיט מיינע מעהל? דאנקען גאט היי־יאהר אויך דאקאזשעט, באלד נאכ'ן רב.

אזוי האט יעקע געזאגט זעהר הויך אלע זאלען הערען און געענדיגט נאך העכער.

— איהר הערט מיידלעך! מיינע נאָך'ן רב'ס, הײלט זיך אונ־טער, איהר וועט כאַפּען פון מיר, איהר ווייסט דאָך, צוויי בייגעל מיט אַ הערינג יעדער. אָבער טאַקע באַלד נאָך'ן רב'ס איז מיינע.

— גאָט זאָל אײך העלפען! — שרייען אַלע און ער געהט מיט אַ גליקליכען שמייכעל אַרויס פון שטורמדיגען גיהנום.

* *

*

יעקע האָט שוין אָפּגעפּטר'ט דעם ערשטען סדר. די קינדער זיינען צולייגט איינציגווייז, ווי נאָך אַ קריעג. ער האָט זיי היינט שטאַרק געמוטשעט, ווייל זיי האָבען די מכות ניט ריכטיג געצעהלט. זיסלע שלאָפט אויך אָנגעשפּאַרט אויף'ן טיש. זי האָט היינט אויך געכאַפּט אַ גאָב וואָרום די ציבעלע איז ניט געווען ביטער גענוג און דערפאַר וואָס זי האָט ניט געקויפט אַזאַ כוס אליהו, ווי דער שמש האָט געטראָגען פאַר'ן רב.

ער אַליין זיצט אויך האַלב שלעפעריג. ער האָט היינט דוקא געאַרבייט שווער, האָט פיעל כאַלאַטען און קאַפּטאַנעס געמאָסטען, אויך יעדען פויער און פויערטע דערצעהלט אַז זיינע היינטיגע מצה איז אויך געבאַקען גלייך נאָך'ן רב'ס.

— גוט יום־טוב, יעקע! ווי איז געגאַנגען דער סדררר!

מיט אַזאַ פריינדליכען אויסרוף איז שלמה באַק דער בעל עגלה, וואָס וואָהנט מיט יעקען אונטער איין דאַך אַריינגעקומען.

— גוט יאהר, אַ גוט יאהר. ווי איז ביי אייך געגאַנגען? — פרעגט יעקע.

— אָט בחוררעכאשעם (ב"ה), אַריינגעוואָרפען אין די קיש־קעס, די קניידלעך האָבען זיך געקייקעלט, ווי ביי דעם פערד האָבער. נו, מיינע חברה ליעגען אויך אויסגעלייגט, כראָפּען אויף דעם טיש, אַזוי ווי אייערע. אָט אקוראט ווי אַ פאַרשוין אין דער בויד. נו, אָנגעמאַטערט; פּרעה דער ציגיינער האָט אונז געמאַכט אַ גוטע וואַגטראָגע! הלואי וואָלטען איהם בעסער אַריינגעטראַפּושקעט אין מויער, איידער אונזערע קינדערלעך. איי, ווען איך האָב איהם היינט, וואָלט איך צוקאַליעטשקעט און צוטאַראַבאַרעט ווי אַ קוואַ־שענע זיין קאָפּ; און שלמה'ציק האָט ביי דעם געוויעזען אַ קולאַק.

יעקע שמייכעלט און אויף זיין פערשלאָפענעם פּנים איז צו פערשטעהן אז ווען ניט פרעה וואָלט ער דאָך באַלד נאָך'ן רב ניט געקענט באַקען קיין מצה.

— זאָגט מיר ר' יעקע, וואו האָט דער רב געבאַקען מצה? — האָט שלמה פּלוצלונג אַ פרעג געטהון.

יעקע ווערט פערוואונדערט.

— וואָס פרעגט איהר? וואָס הייסט, ביי חיים ליבען. פריי־הער ער און דערנאָך איךךך!...

— איך פרעג דאס אייך, ווייל מיר דאכט זיך, אז דער רב האָט דאָ גאָר נישט געבּאַקען. זיין ברודער פון קאָוונא האָט דורך כיר איבערגעשיקט פאַר איהם אַ קאַסטען שמורה — זאָגט שלמה'ציק מיט גדלות.

— וואָס ? ? ? ? — האָט יעקע אויסגעשריען פערצווייפעלט, אזוי ווי מען וואָלט איהם דעם גרעסטען אומגליק אָנגעזאָגט, און זיך אויפהובענדיג האָט ער אַ שטאַרקען שטויס געטהאָן דעם טיש, אז זיסלע מיט די קינדער, זיינען צופאַלען און דער טיש מיט די לייכטער, די טעלער, מיט אַלע שאָר ירקות אויף זיי; עס איז גע־וואָרען אַ געוואַלד, אַ געשריי, אַ יאָמער ביז'ן הימעל.

יעקען האָט דאס ניט געאַארט. ער איז געלאָפען הין און צו־ריק און געשריען — דרייצעהן יאהר האָב איך געהאַט דעם אתרוג באַלד נאָך'ן רב, מצה נאָך'ן רב און איצט... דער עזות פּנים חיים ליב האָט מיך אָבגענאַרט. ניין, איך וועל דאס ניט שווייגען! אויב ניט נאָך'ן רב וואָלט איך בעסער גאָר... איך לויף צום גנב, צום גזלן, איך וועל איהם ווייזען ווער איך בין.

חיים ליב, וועלכער איז געלעגען און ניט געפיהלט פון זיין פערמאַטערטען גוף, איז אויפגעוועקט געוואָרען פון יעקע'ס געשריי.

— וואָס האָסטו מיין יום־טוב פערשטערט דו ח... דו דו גנגנגזלן פ... דו...

— ששא, שאַ, שאַ ר' יעקע זאָלט איהר מיר לעבען, וואָס שרייט איהר?

— מיינע מצה דו ליגנער, דו — דו...

— ר' יעקע בערוהיגט אייך, לאזט מיך, הערט מיך אויס, איך זאג אייך, אז...

— ניין, ניין! דו... פויער דו...

— ר' יעקע דערמאָהנט זיך אָן גאָט איך בעט אייך איהר זאָלט שווייגען, איהר וועט פערדיענען דעם גרעסטען זינד, ווען איהר וועט מעהר ריידען, הערט מיך נאָר אויס.

ביי די ווערטער "גאָט" און זינד, האָט זיך יעקע עפּעס ווי אָבגעשראָקען און בערוהיגט.

— הערט־זשע מיך אויס — זאָגט חיים ליב צו יעקען.

— איהר זאָלט וויסען, אז דער רב האָט דעם יאהר דורכ־געליטען צרות, פּיין, הונגער, קעלט און בזיונות, מיט איין וואָרט, אלע צעהן מכות מיט א צוגאָב. זיינע שכירות האָבען די שעהנע שטאָדט־פערזאָרגער, די איזבאָרשטשיקעס, די קאָך־לעפעל — פער־טרונקען אין משקה און פעטע גענזלעך. צו קויפען מעהל אויף מצה האָט ער ניט געהאַט, זאָגען ווען עס איז, ווייסט איהר דאָך ר' יעקע, זיין גוטע הארץ, ער שעהמט זיך, הכלל מצה האָט איהם זיין ברודער געשיקט און איהר...

— ווער האָט פאר מיינע געבאַקען — האָט יעקע איבערגע־שלאָגען, שוין עטוואס רוהיגער, אָבער אלץ נאָך דעם שטערן צו־קאָרטשעט.

— איך, איך, מיינע מצה איז עס געווען, בין איך דען ניט קיין עהרליכער איד? ר' יעקע, דער רב האָט מיך אזוי געבעטען ווייל עס איז איהם א בזיון. און איצט ר' יעקע צוליעב אייער כבוד, ווילט איהר אויסשרייען הויך... פערגיסען דאס בלוט פון א'ן עהרליכע כשרה נשמה. האָט גאָט אין הארצען ר' יעקע, איהר זייט דאָך א איד, ווייסט איהר דען ניט ווי משה רבינו האָט זיך קליין געהאלטען? מיר דארפען וואשען די פיס פון א תלמוד חכם, אָבער ניט פערגיסען זיין בלוט, צוליעב וואָס? אך ר' יעקע, ר' יעקע.

יעקע איז געשטאַנען און א וואָרט ניט געענטפערט. די רייד פון חיים לייב'ן זיינען געפאלען ווי שטיינער אויף זיין הארצען. מיט לאנגזאמע שטילע טריט, דעם קאָפּ ארונטער, זאָגענדיג א גוטע נאכט, איז ער ארויס.

# אַ אידישע טאכטער.

די קצבים וויטצלען זיך און פסח דער שוחט קוילעט די קעלבער. עס איז אַ געראָטענער, קעלבעדיגער ווינטער. אפילו די שמאנילסקער קבצנים, האָבען אויך בכח צו קויפען אַ פונטעל קאַלב פלייש אויף וועטשערע. עס איז ביליג און פסח שניידט אַ קאָפּ נאָך אַ קאָפּ. די קעלבער קוקען איהם אָן מיט זייערע נארישע אויגען און ער מאכט חיק... חיק!

וואו דאס בלוט זאָל דורכלויפען איז ניטאָ. עס איז פסח'ס הויז, אַ פשוט'ער וואוינונג. דאס העלל־וואַרימע בלוט רינט אַרונטער ביז זיין פלונית'טעס בעט און ווערט דאָרט פערטרונקען אין זאמד וועלכע ליעגט תמיד אין אַ קופּע אויף ערב שבת — די הויז אויסצושיטען.

— גיט אַ קוק, ר' פסח, זעהט! — האָט אויסגעשריען לעמעל קצב, אַ געזונטער איד, מיט אַ זשופּיצע איינגעשמאָלצען דיק אין פעטס און פערגאַרטעלט מיט אַ גראָבען שטריק — שרה שלעפּט ווייעדער אַ קאַלב אויף'ן פלייצע, דאס איז גאָר ניט קיין אשה עפּעס אַ גלגול פון אַ מאנסביל אפשר אַ פינף קעלבער האָט זי דאָך שוין היינט איבערגעקוילעט, צוהאַקט און פערקויפט!

— אַ גאָטס רחמנות אויף איהר — ענטפערט פסח צופּענדיג די האָאר פון אַ קאַלב'ס האַלז וואו דעם חלף צו שיקען... — די ערשטע דריי זיינען טריפה געוואָרען, אָט האָט זי געוויים וואו גע־כאַפּט אַ פּאָאר קערבלאָך און ווייעדער אַ קאַלב. אפשר וועט זי וואָס פערדיענען. אַ פּאָלק קינדערלעך. ער נו... איהר ווייסט דאָך אַ גאַנצען טאָג אין קלויז, כ'לעבען, אַ תלמיד חכם.

— אוה! אוה! קוים קוים זיך דערשלעפּט, איך האָב באַלד מיין האַרץ אָבגעריסען... — איז שרה אריינגעפאַלען. די קצבים נעהמען אַרונטער פון איהר פלייצע דעם קאַלב און שווייגען.

— ר׳ פסח — זאָגט זי — איהר וועט דאָך מיך ניט לאַנג האַלטען, איך האָב קוים גע׳פּועל׳ט ביי מיין אַלטען ער זאָל אַכטונג געבען אויף די קינדער, אַז איך וועל זיך זאַמען ווייסט איהר דאָך אייערע מאַנסבילען, זיי בייזערען זיך אונטער.

זי שמייכעלט און פּסח בעטראַכט איהר מיט אַ שטאַרקען מיטלייד.

— נעהמט, פּטר׳ט איהר אָב! — בעטען אַלע קצבים מיט איין קול.

פּסח נעהמט דאַס קאַלב שניידט איהם איין, שפּאַלט אויף די בויך און רוקט אריין זיין האַנד זעהן אויב עס איז כשר.

— אידען, בעט גאָט מיין קאַלב זאָל זיין כשר — זאָגט שרה מונטער. צוליעב דעם קעלבערנעם חפץ האָב איך מיין פערענע פערזעצט ביי חיענע די זאַגערקע. מיינע קינדערלאַך וועלען שוי־דערן בייַנאַכט, דערפאַר אָבער וועלען זיי זאַט זיין ביי טאָג, דער קאַלב זאָל נאָר ווערען כשר.

פּסח הערט איהרע רייד און זיין האַרץ קלאַפּט. זאָל ער איהר זאָגען אַז... ניין, עס איז אָבער דאָך!... און אפשר איין ארימע, מען דאַרף זיין אַ ״חס על ממונם של ישראל״... אָבער עס איז דאָך לחלוטין נאָר, גאָר... וואָס טהוט מען פאַרט?... אַ רחמנות נאָר פער־פאַלען. אַ דין איז אַ דין... איך מוז...

— וואָס דריבעלט איהר זיך אַזוי לאַנג אין בויך — שרייט זי אויס פערהלעך — הפנים איהר פערגעסט, אַז מיין יודקע צור־רייסט זיך זיין בייכעל שרייענדי: מאַמע און איך גלויב אַז מיין אַלטען טהוט שוין אויך וועה דער בויך פאַר כעס. ער דאַרף געהן מנחה דאַווענען און איך שפּיעל זיך דאַ....

פּסח ציהט לאַנגזאַם ארויס זיין האַנד פון קאַלב׳ס בויך. די פרעהליכקייט פון די ארעמע שרה׳ן וועהטאָגט איהם שרעקליך, ער

פיהלט איהרע צרות, וואס זי פערשטיקט, פערדעקט עס ביי זיך און ווייזט דער וועלט אז זי איז צופריעדען מיט איהר חלק... "א אידישע טאכטער!"

— דער קאלב איז... ער איז... ניט גוט — זאגט פסח ווי אהן לשון.

— וואס ווידער טריף? — פרעגט זי לאכענדיג.

פסח שאקעלט צו מיט'ן קאפ.

— הפנים גאט מוז מיך זעהר ליעב האבען — זאגט זי מיט א פערטראגענעם שמייכעל — ער שטראפט מיך ווי א גוטער טאטע; ער ווייס געוויס וואס ער טהוט.

זי שטעהט קוקענדיג איבער'ן קאלב. אלע שווייגען שטיל.

— שרה ? ! — האט מיט א דונער שטימע אויסגעשריען יענקעל האפון, א געזונטער איד מיט א רויטע בארד, דער ערגסטער קצב פיר וועלכען אלע וויבער האבען געציטערט — שרה! וואס קאסט אייך דער קאלב; איך קעהר אייך אום דאס געלד, איך האב עס וואו אפצושטעקען.

— דריי רובעל.

—מיט שחיטה און קאראבקע?

— ניין דאס בעט איך ניט פון אייך — זאגט זי ערנסט — גיט מיר נאר וואס דער קאלב קאסט.

ער בעצאהלט איהר און זי געהט ארויס.

זי לויפט אהיים שנעל, מיט אלע איהרע כחות. דער פראסט ברענט, דער ווינט שמייסט אין איהר געזיכט און זי דערמאהנט זיך, די קינדער וועלען פערפראָרען ווערען אהן די פערענע. חיענע האט עס איהר ניט צוריקגעגעבען; "א וואך מוז איך האלטען", האט זי געזאגט.

שרה איז געלאפען אין איין אימפעט אהיים.

— משה חיים, וואס צינדסטו ניט אן דעם לאמפ? — פרעגט זי ארייננקומענדיג אין הויז וואו עס איז פינסטער און שטיל.

— אהא, ימח שמו'ניצע! ביזט שוין דאָ, אַ קריינק אין דיינע ביינער! מנחה פערזאַמט, שוין באַלד מעריב, מרשעת, ליידאַטשקע, איך וועל דיר דיינע ביינער צוברעכען!

*　　*
*

שטיל... פינסטער...

דאס קינד אין וויגעלע בליפּעט. שרה טשוכעט זיך אויס. אַ שטאַרקער וועהטאָג ברעכט איהרע גליעדער. דער קאָפּ איז שווער, דאס קינד צושרייט זיך נאָך העכער.

שרה דערהערט אין פאָרהויז קומט באַשע ציפּה די קרעמערקע. עס פּאַסט ניט — טראַכט זי — לייט זאָלען וויסען... זי שטעהט אויף שנעל, מאַכט פייער און אויף איהר געזיכט שפּיעלט אַ שמייכעל.



# דער קברות-מאַן.

ווייט פון שטאָדט איז דער בית עולם.

די זעלבע שטילקייט וואָס הערשט אויף דעם בית עולם, איז אויך אין דעם געגענד אַרום. די האַלב איינגעבויגענע חורבה וועל־כע שטעהט ביים אַריינגאַנג פון בית עלמין, איז פאַרטיג יעדע מינוט איינצופאַלען.

די איינציגע איינוואָהנער אין דער חורבה זיינען משה'ל דער קברות־מאַן, מיט זיין ווייב פייגע גרונה.

משה'ל איז אין דער חורבה געבאָרען געוואָרען, און נאָך זיין פאָטער'ס אַכציג יעהריגען לעבען, האָט ער די שטעלע איבערגענו־מען. ער אַליין איז שוין איצט אויף זיעבציג יאהר אַלט, און דורך דעם פערלויף פון די יאהרען האָט ער מיט זיין קאַלטער לאָפּאַטע, בעדעקט געננוג אַקערשט פערגליווערטע לעבענס, אונטער וועלכע עס האָבען זיך אויך געפונען זיינע צוויי ווייבער.

משה'ל פערברענגט ניט זיין צייט אָהנע נוטצען. באַלד ווי ער פטר'ט אָב אַ שטיקעל אַרבייט, נעהמט ער זיך פאַר'ן תהלים זאָגען מיט אַ שטילע שטימע ווי ער וואָלט ניט וועלען די טוידטע וועקען פון זייער עביגען שלאָף.

*    *

*

דער ווינטער דער מערדער פייפט מיט ווילדע קולות און בלאָזט מיט שרעקליכע שטורעם ווינטען. די בוימער פון בית עולם, קרעכ־צען פון וועהטאָג און קעמפּפען געגען שטאַרקען ווינט, וואָס וויל זיי אויסרייסען און אויפדעקען אַזעלכעס וואָס איז שוין לאַנג טיעף בעגראָבען.

עס איז איצט פינף אוהר פאַרטאָג. משה'ל ערוואַכט פון שלאָף. ער זאָגט אָפּ "מודה אני, וואַשט די נעגעל און טאַפּענדיג אין דער פינסטער, געפינט ער דעם לעמפּל און מאַכט פייער.

— אך וואָס פאַר אַ קעלט עס איז — זאָגט ער, בעמערקענדיג ווי דאָס קליין פענסטערל איז בעצויגען מיט אַ גראָבען פּאַק אייז, פון אויבען בעדעקט מיט אַ לייכטען שנעע; — עס איז אַ הונט ניט ארויסצוטרייבען.

ער שטעלט דאָס לעמפּל ביין פענסטערל, עס זאָל אָבוואַרע־מען די אייז צו קענען ארויסקוקען, אויב דער מאָרגען־שטערן זעהט זיך שוין, און אויב עס איז שוין צייט צום דאַווענען.

״כי לא במותו יקח הכל, לא ירד אחריו כבודו״ — זאָגט משה׳ל ארוים מיט הארץ און פייגע גרונה כאַפּט זיך אויף פון שלאָף.

— שוין שפּעט, האַ? — פרעגט זי.

— נאָך פריה — ענטפערט ער איהר — שלאָף, קוים וואָס דו לעבסט, רוה אין בעט, דו וועסט קיין זאַך ניט פערזאַמען.

ער וויל צו איהר נאָך וואָס זאָגען, נאָר ער דערזעהט אַ פונק ליכט דורך דעם אייז אָבגעגאַנגענעם פענסטערל, ווייט גאַנץ ווייט, זיך דורכשלאָגען פון דער געדיכטער פינסטערניש. דער פונק פייער פערלעשט זיך בעוווייזט זיך ווידער און קומט אַלץ נעהנטער און נעהנטער. משה׳ל דערקאָנט שוין דעם פייערל, דאָס איז קיין שטערן נאָר אַ לאַנטערן... דאָ קומט איינער פון דער חברה קדישא, אָנזאָגען מען זאָל גראָבען אַ קבר, פיר אַ נייעם גאַסט...

דער שטאַרקער זיפץ וועלכער רייסט זיך ארוים פון זיין האַר־צען דערמאָהנט איהם אַליין, אַז זיין געזונד איז שוואַך און די על־טער איז שוין פאַר די אויגען. ניטאָ קיין כח צו הויבען דעם איי־זערנעם לאָם, די ערד צו האַקען. און אַ קינד וועמען איבערצוגעבען די ירושה צו גראָבען קברים.

— ר׳ משה׳ל, ר׳ משה׳ל, עפענט אויף! — הערט זיך אַ היי־זעריגע שטימע פון יענער זייט טיהר.

משה׳ל עפענט די טיהר און בערקע דער שמש פון דער חברה קדישא קומט אַריין פערדישעט און פערסאָפּעט. אין דער רעכטער האַנד טראָגט ער אַ גראָבען שטעקען, אין דער לינקער אַ פעררוי־בערטע הילצערנע לאַנטערען און אויף זיינע פּיס בערג מיט שנעע.

— זיסע דער איזבאַרשציק איז געשטאָרבען די נאַכט — דער־צעהלט דער שמש — איך בין ביי איהם געווען, ביז די לעצטע מינוט, ביז ער האָט זיך אומגעקעהרט צום וואַנט... איך זאָג אייך ר' משה'ל, אז אַזא שווערען טוידט, האָב איך שוין פון אַ צייט ניט געזעהן, עטליכע שעה האָט ער זיך געראַנגעלט מיט'ן...

— געראַנגעלט, האַ? — פאַלט איהם אריין משה'ל — האָט ער זיך מעהר געמאַטערט, ווי ער האָט אַמאָהל געמאַטערט קליינע קינדער ווען ער האָט איבער געוואַלד צוגענומען פון טאַטע־מאַ־מען און זיי אָבגעגעבען אין גוי'אישקע הענד?

— מילא וואָס דאַרפט איהר דערמאָהנען אַלטע מעשיות? — בייזערט זיך בערקע — איצט האָט ער אָבער פאַרדיענט, מיר זאָלען איהם געבען זיין כבוד. ער האָט אין זיין צוואה איינגעשריבען געלט אויף צדקה און אונזער חברה האָט זיין משפּחה אויך ניט פערגעסען. עס וועט זיין געננג צו מאַכען אַן הוליאַנקע. מילא איך בין אייך געקומען זאָגען, איהר זאָלט מאַכען דעם קבר לעבען אַל־טען רב, און האָט מיר אַ גוטען טאָג.

ווען משה'ל בעמערקט נור אַ שיין פון עטוואָס ליכטיגקייט, דאַווענט ער "פאַר־זיך" און קלייבט אויף זיינע געצייג: דעם לאָם די לאָפּאַטע און געהט.

"כי יראה חכמים ימותו יחד כסיל ובער יאבדו", זאָגט משה'ל און אין דעם קנאַקעריי פון פייער דאַכט זיך איהם ווי די טוידטע ענטפערען איהם אָפּ.

ער געהט דורך די ציילען קברים; זאַגאַר זיי זיינען פאַרדעקט מיט שנעע, דאָך איז איהם אויף'ן אויג יעדער קבר, יעדער מצבה מיט איהר טיטול... ער ווייס יעדען וואָס איז דאָרט; ווי לעבעדיגע וואָלטען זיי פאַר איהם שטעהן...

אָט איז ער שוין געקומען אויף דעם אָרט, וואו זוסע איזבאָרש־ציק וועט געפינען זיין איביגע רוה. משה'ל לייגט אוים אַ פייער אָבצואוואַרעמען דאָס שטיקעל ערד. ער וואַרעמט זיך, און זאָגט תהלים מיט זיין געוועהנליכע שטילקייט.

*　　*

*

די שטיקלעך האָלץ האָבען שוין אויסגעברענט. משה'ל פאַנגט אָן גראָבען. שווער קומט איהם אָן יעדער קלאַפּ מיט'ן לאָם יעדע לאָפּאַטע ערד. די קעלט שניידעט איהם פונקט אין געזיכט. פון זיין אָטהעם און שוויים, האָט זיך אָנגעקליבען אויף זיין אַלטער באָרד אַ באַרג אייז.

איין לאָפּאַטע נאָך דער צווייטער, אַ האַלבער קבר איז שוין פאַר־טיג. ער הויבט אויף זיין קאָפּ אָבצוציהען דעם וועהטאָג פון רוקען, און פונקט פאַר זיינע אויגען ערשיינט אַ הויכע מצבה, אויף פאַר־דעקט מיט שנעע נאָר די ווערטער "איש צדיק אוהב חסד" שיינען אַרויס. דאָרט ליעגט זוסע איזבאַרשציק'ס אַ חבר... מיט פעראַכ־טונג בויגט ער צוריק דעם קאָפּ, און גראָבט ווייטער. אַ צרה פאַר משה'לען ניט קיין ערוואַרטענע. איין מיטען קבר אַ שטיין. און וואָס זאָל ער טהאָן? זיינע קרעפטען ווילען ניט אויסטראָגען דעם שטיין אַרויסצונעהמען, און באַלד ברייננגט מען זוסלען. ער שטרייגנט זיך אָן און ווערט בעגאָסען מיט שוויים, ער פיהלט שוין ניט פון קיין קעלט, נאָר אַ שרעקליכע מיעדקייט און זעצט זיך אויף'ן שטיין עטוואס אָבצורוהען. ער בלייבט פאַרטראַכט... די אויגען קלעפּען זיך איהם צוזאַמען, און עס קומען איהם פאָר אַזעלכע געדאַנקען, וואָס ער האָט לאַנג, לאַנג פאַרגעסען: ער איז נאָך אַ חדר־אינגעל ווען זוסע איזבאַרשציק מיט זיין חבר ברויכען זייערע קהל'שע מער־דערייען. אַ מוטער פיהרט איהרען אַ קינד אין חדר, דאָ לויפט צו זוסע רייסט דאס קינד אַרויס פון איהרע אָרעמס. זי שרייט, וויינט, בעט זיך, און זוסע לאַכט מיט אַזאַ געלעכטער וואָס קלינגט אָפּ אין עקען וועלט...

און עס דוכט זיך איהם, אַז עס איז זומער, ער ליעגט אויף'ן בית עולם פערשטעקט אין טיעפען גראָז צוזאַמען מיט פיעל קליינע קינדער, וועלכע די עלטערן האָבען זיי געבראַכט צו בעהאַלטען פאַר'ן בייזען טיגער זוסען. מיט איין מאָהל ווערט צווישען די קינדער אַ געשריי, אַ יללה, זיי דערזעהען פון ווייטען ווי זוסע לויפט די פּאָלעס פאַרשפּרייט, משה'ל כאַפּט זי אַרום און דריקט זיי צום האַרצען... אַך וואָסערע וואַרעמע הערצעלעך... ער פיהלט זייערע טרעהרען

פלייצען אויף זיין געזיכט, און ער דריקט זיי צום הארצען, וואס מעהר און מעהר. עס דוכט זיך איהם אז פון הימעל לאזט זיך אראב א פייערדיגער פערד און וואגען... די קינדער לויפען דארט אריין, ער לויפט זיי נאך... און דריקט זיי נאך א מאהל, און נאך א מאהל צו זיך. דער פייערדיגער וואגען גיט זיך א הויב צום הימעל און ער כאפט זיך ארום מיט די קינדער שטארק... שטארק... אך ווי זיס...

* *
*

"צדק לפניו יהלך" — האט פייגע גרונה דערהערט דעם קלאגעדיגען געזאנג פון די תלמוד תורה קינדער. זי קוקט זיך איין אין פענסטערל און זעהט ווי מען טראגט זוסען מיט גרוים כבוד. זי איילט זיך צו משה'לען איהם בעטען ער זאל געהן אין הויז זיך אנווארעמען ביז די חברה קדישא וועט פערטיג ווערען מיט איהר ארבייט און....

איהר יאמערן און קלאגען פערהילכט דעם בית עלמן. זי געפינט משה'לען ליגען אין קבר קאלט טוידט... צום הארצען צוגעדריקט די לאפאטע מיט'ן לאם, און אויף זיין פנים א פרעהליכען שמייבעל...



# אַ גאַסט צום סדר.

איוואַן סמירנאָוו, אַזוי האָט מען איהם גערופען. נאָך דעם האַרטען, שאַרפען נאָמען, האָט ער בעדאַרפט זיין אַ הויכער, אַ ברייטער מיט אַ פּאָאר פערגלאָסענע אויגען... אָבער גאַנץ אַנדערש האָט ער אויסגעזעהן.

ער איז געוועזען איינגעהויקערט, געבויגען צו דער ערד, געגאַנגען נאַקעט, באָרפוס און האָט זיך ערנעהרט, מיט אַ שטיקעל געבעטענע ברויט... אונטער דעם גרויסען היטעל וואָס האָט זיין האַלבען פנים פערדעקט האָבען געפינקעלט אַ פּאָאר שוואַרצע ברענענדיגע אויגען, אין וועלכע עס איז געלעגען אַ ים פון טרויער, און די שווערע ברעמען האָבען דאס אונטער זיך, אימער פערבאָרגען...

געקומען איז ער אין אונזער שטעדטעל שוין אַן אַלטער מאַן. פון וואַנען ער איז האָט קיינער ניט געוואוסט, און מען האָט איהם בעטראַכט פאַר אַ געוועהנליכען שוצלאָזען קריסט.

אונזערע אַלע שוהלען און קלויזען, האָבען ארומגערינגעלט איין פּלאַטץ, וועלכען מען האָט גערופען שוהל־הויף. פרייטאג אבענד ווען מען האָט אָנגעצונדען די לאָמפּען און ליכט פון אַלע קלויזען איז דער פּלאַטץ בעלויכטען געוואָרען ווי די רייכסטע איליומינאַציאָן. דורך די שפּאַלטען פון די פענסטער האָבען זיך דורכגעשפּאַרט די זיסע ניגונים פון "לכה דודי" און אַ הימלישער קאָנצערט האָט אָפּגעקלונגען ביז די הויכע בערג.

ווען קיין לעבעדיגער מענש איז ניט געווען צו זעהן אויפ'ן שוהל הויף (בעזונדער דעם רב'ס קוה, וועלכע האָט זיך געריבען אַן מזרח־וואַנד פון שוהל), ווען יעדער איז געווען פערנומען אין עמפּפאַנגען די שעהנע כלה שבת, דאַן האָט מען געזעהן ווי איוואַן סמירנאָוו דרעהט זיך אַרום יעדער שוהל, — און וואָס דער געזאַנג

ווערט אין די שוהלען שטארקער און העכער ווערט ער אלץ טרויע־ריגער און מעהר נידערגעשלאָגען.

ווען אלע געהען ארויס פון די שוהלען, און דער "גוט שבת" זאָגען, פערקלינגט דעם גאנצען שוהל־הויף, זעהט מען אויך ווי איוואן דרעהט זיך ארום און קוקט אָן מיט טרויער יעדען אין געזיכט, און ווי אויף זיין הארצען, וואָלטען אויך ליעגען די הייליגע ווערטער "גוט שבת".

אלע בעטראַכטען איהם פאר אן עהרליכען גוטען קריסט וואָס וויל לעבען אונטער אידען.

דער קברות מאן האָט איהם געזעהן אייניגע מאָהל שטעהענ־דיג ביים בית עולם, לאנג, קוקען צו איין ציעל — צו איין אָרט. אויף דער פראגע, "איוואן וואָס טהוסטו דאָ?" האָט ער געענטפערט: "איך געה דאָ פערביי, וויל איך זיך דאָ אָפּרוהען..." און מיט די ווערטער איז ער אוועק.

* *
*

דאס איז געווען פסח ביים ערשטען סדר. מיין אינגערער ברודער, דער פרינץ נומער 2 האָט געהאלטען ביי דער רעכטער פראגע צו מיין פאָטער דעם מלך. די מאמע, די מלכה, האָט נחת געשעפּט פון איהר פרינץ'ס טיעפקייט. דאָ האָט זיך פּלוצלונג און לאנגזאם געעפענט די טיהר און עס איז אריין, איוואן סמירנאָוו. זיין שטיל־קייט, זיין טרויעריגעס געזיכט האָט ערוועקט א מיטלייד. מיין פאָטער (אין דער צייט א מלך של חסד) האָט בעפוילען מיין מו־טער, די מלכה, זי זאָל איוואנען געבען א מצה מיט אביסעל וויין.

— איך וויל קיין זאך — האָט ער געבעטען מיט א שוואכע שטימע — ערלויבט מיר דאָ צו זיצען און זעהן ווי איהר לויבט און דאנקט גאָט.

אויף'ן פאָטער'ס בעפעהל האָבען מיר זיך גענומען צו דער הגדה און אויסגעבאטעלט אלעם בייזעס אויף לבן, דעם רמאי'ס קאָפּ וואָס ער האָט געוואָלט אויסוואָרצלען דעם נאָמען יעקב, און

עס זאָל ניט זיין ווער עס זאָל די וועלטען צרות אויסבאַפּען; גע־גומען נקמה פון די מצריים, אויף זייער מפּלה, געטרונקען אַ כוס נאָך אַ כוס און זיי געוואונשען אונזערע מכות אויף...

ביים אָנפאַנגען „צא ולמד", האָבען מיר דערהערט אַ כליפּען און שטילען וויינען. אויפהויבענדיג אונזערע קעפּ, האָבען מיר באַלד בעמערקט אַז דאס וויינט איוואן. מיר האָבען זיך אָנגעקוקט איינער דעם צווייטען מיט פערוואונדערונג.

דער פאָטער איז צו איהם צוגעקומען.

— וואָס וויינסטו, איוואן? וואָס פעהלט דיר?

— אָה מיר פעהלט פיעל! — האָט איוואן געזאָגט מיט אַ ציטערדיגע שטימע — מיר פעהלט פיעל, אין גאַנצען. מען האָט פון מיר גערויבט מיין נאָמען, מיין... אַ־אַ־איך בין אַ איד...

ער איז געבליעבען אין אונמאַכט.

* *

*

אַ מאָנאַט צייט איז איוואן ביי אונז געלעגען אויף'ן קראַנקען בעט. אין אַ פעררוקטעם צימער, וואו מען האָט קיין פויגעל ניט צוגעלאָזט, אויסער אַ פּאָאר בעקאַנטע וואָס דער פאָטער האָט זיי דעם סוד פערטרויט.

אין דער צייט פון זיין קראַנקהייט האָט ער זיין פולען פער־שטאַנד געהאַט, ביז דעם טאָג פאַר זיין שטאַרבען. אין קורצען האָט ער דערצעהלט זיין לעבענסגעשיכטע, ווי נאָך אַלס קינד אין דער צייט פון ניקאָליי דעם ערשטען, האָט מען איהם גערויבט פון זיינע אי־דישע עלטערן און צוזאַמען מיט נאָך הונדערטע קליינע קינדער, האָט מען איהם געטויפט און פערטריבען טיעף אין רוסלאַנד, וואו ער האָט געדיענט אַלס סאָלדאַט צוואַנציג יאָהר.

זיך אויפהויבענדיג פון בעט און אויסשטעלענדיג זיינע ציטערנדע בלייע הענד האָט ער מיט אַ קראַנקע שוואַכע שטימע געזאָגט:

— דאָרטען ביי די שוהלען קענט איהר געפינען מיינע טייבען טרעהרען וועלכע איך האָב יעדען שבת און יו"ט פערגאָסען שטיל און פערבאָרגען און וואָס איז אימער געווען מיין וואונש, מיינע לעצטע מינוטען צו פערברענגען מיט אייך, און מיינע ביינער זאָלען רוהען צוזאמען מיט מיינע בריעדער... איך בעט אייך איהר זאָלט עס פאַר מיר טהאָן!

מען האָט איהם פערשפּראָכען.

אין דעם טאָג האָט ער געבעטען מען זאָל מיט איהם וידוי זאָגען. ער האָט יעדער וואָרט געזאָגט מיט מוטה אזוי ווי איינער וואָס פערפערטיגט זיך מיט גוטע זאכען אויף א גאנץ ווייטע לוסט־רייזע — און איז רוהיג געשטאָרבען.

* *
*

צווישען א טויטע וועלט מצבות, שטעהט אויך א קבר אָהן אן אויפשריפט. יעדער וואונדערט זיך ווארום דאס איז און ווער רוהט עס דאָ? און ווען מען פרעגט דעם קברות מאן ענטפערט ער: "עס דאַרף אזוי זיין"...



# דער מעדאַל.

דער ערשטער טאָג סוכות. דער עולם גייט פון דאַוונען.

אַ סך פון דעם עולם זעהט מען זעהר אָפט, שטעהענדיג אין מיטען מאַרק ביים "גענואלד גלאָק" פערפינסטערט, פערזאָרגט, די קעפּ געבויגען טיעף צו דער ערד. איצט האָבען זיי אַנאַנדער אויסזעהן. די הערליכקייט פון פרעהליכען היילינגען יום טוב האָט זיך געזעצט אויף יעדענס געזיכט בעזונדער. די שכינה וועלכע האָט זיך שוין לאַנג, גאַנץ לאַנג בעהאַלטען, האָט זיך ווידער אַמאָהל בעוויזען און בעשיינט די געזיכטער פון די אָרעמע אָבער יום־טוב'דיגע אידעלעך...

"גוט יום־טוב" קלינגט עס, און די טיהר אויף די זאַוויעסעס פון אַלטען קלויז סקריפּעט פרעהליך.

— גוט יאהר! הלואי איבער אַ יאהר. אַ גוטער, אַ געזונטער יאָהר, דערען זיך פרעהליכע אָפּקלאַנגען. די גאַנצע נאַטור, קוקט אויס צו זיין יום־טוב'דיג, אידעשלעך, די לופט פערהילכט, מיט'ן קלאַנג:

— גוט יום־טוב גוט יאהר.

און די הויכע שטאָלצע קירכע פון יענער זייט וועג, שטעהט פערשעהמט, ניעדערגעפאַלען, זי בייגט זיך פאַר'ן אידישען יום־טוב.

*　　*
*

איוואַן שמואלזאָהן, דער שטאָדט־אַפּטייקער, לויפט שנעל מיט איין אטהעם. ער לויפט פערביי די יום־טוב אידען.

— גוט יום־טוב! — שרייט צו איהם וועלוועל דער פישער.

—אַ גוטעטשקער יום־טוב! — שרייט נאָך מיט אַ קוויטשע־דיגען געוואַלד, חנה באַשע די בעקערין.

איוואַן לויפט פערביי. ער האָט קיין צייט צו הערען אַ אַ־דישען גוט יום־טוב. — ער לויפט אַהיים.



איוואן לויפט איבערן הויז הין און צוריק. זיין געזיכט שמייכעלט. די אויגען פינקלען עפעס פון אן אונערווארטעטע שמחה. ער וואלט טאנצען, שפרינגען ביז'ן הימעל, עס איז אפען די פענסטער, עס פאסט ניט.

— און דאך דערלעבט — זאגט ער צו זיך — עס איז ווערטה דאס, וואס מיך האט אבגעקאסט, אבער מיין וואונש איז ערפילט געווארען, יע פון די זשידאוויצעס קען מען א סך האבען, טפוי קטשארטו שלומפערס וואס קריכען זיי אין די אויגען, די פערשמאלצענע זשופעצעס.

— אה, מיין גאט, אה וואניעשא, אט בין איך — פאלט אריין פאולינא — פערצייהע מיר, וואס איך האב דיך געלאזט אזוי לאנג ווארטען. די יענטעס האבען מיך פערהאלטען מיט זייער גוט יום־טוב זאגען. אה, האסטו געדארפט זעהן ווי אונזער וואסער טרעגערין געהט פערפוצט. גאר ווי א פרינצעסין, יע, וואס דארפסטו מיך אזוי נעטהיג, זעה קוקסט דאך עפעס אוים אויפגעראמט, זאג שוין וואס איז?

— פאולינא, איך האב שוין!

— וואס ?

— א מעדאל, א מעדאל, חא, חא, חא, נא אט איז עס.

די לעצטע כאפט דעם מעדאל אין האנד, ווארפט עס פון איין זייט אויף'ן צווייטען און טאנצט מיט דעם, מיט די זעלבע נייגעריגקייט און פרייד פון א קינד וואס בעקומט שעהנע שפיעלצייג.

— זעה וואס דא שטעהט געשריעבען טהייערער איוואן! זעה! "פיר וואהלטהאט און טיעפע פריינדשאפט", נא זעה אויף'ן צוויי־

טען זייט, אַך מיין גאָט דיין נאָמען, דער יאהר, אַך ווי טהייער דאס איז.

— איוואַן שמייכעלט גליקלעך.

*　*
*

אַ טאָג שפּעטער.

דאס הויז פון שטאָדט שרייבער איז הערליך אויפגעפּוצט פון אינוויינינג און גרויסאַרטיג אַרומגענומען די בלאָטע פון אויסוויינינג.

דאָ איז היינט אַ באַל, אַ פרעהליכער אבענד. עס וועלען דאָ זיין דער פּאָפּ, דער דאקטאר, אַ סך פּריצים, מיט איין וואָרט, דער גאַנצער אדעל פון שאַפּיזעשאָק ביז גרינקעסאַק.

דער דיענער מיכאַאיל האַריסטאנאָוו אַן אַלטער ניקאָלאַיעווס־קער סאָלדאַט, שטעהט ביים טיהר און דרעהט זיינע גרויע וואָנצען. ער ערוואַרטעט די געסט צו בעדיענען.

— אָט זעה איך דעם אפּטייקער געהן — בורטשעט ער אונ־טער זיינע וואָנצען הם — הם —

איוואַן קומט צו עכט יום־טוב׳דיג געקליידעט און אויף׳ן האַר־צען דעם מעדאַל.

— איז שוין ווער דאָ? — פרעגט ער דעם דיענער.

— ני קאַק ניעט! — ענטפערט דער לעצטער.

— איז שוין יעמאַנד געוועזן?

— ני קאַק ניעט, באַרין.

— אַלזאָ, זאָג דעם בעל הבית אַז איך וועל שפּעטער אונ־טערקומען.

ער וויל אוועקגעהן.

— איך האָב די עהרע אייך גראַטולירען, מיט אייער נייעם מעדאַל — זאָגט דער דיענער, זיך עטוואס איינבויגענדיג.

— איך דאַנק דיר — ענטפערט דער אפּטייקער מיט אַ צו־פריעדענהייט — ווייסען שוין אַלע ביי אייך פון מיין מעדאַל?

— טאק טאַטשנאָ, בארין, יע — הם — איך האָב אייך גע־וואָלט זאָגען דאס איהר מעגט מיך אויך גראטולירען — זאָגט הארטאָנאָוו לאַכענדיג — איך האָב אויך בעקומען א מעדאַל פאר מיינע עהרליכע דיענסטע אַלס סטאָראזש.

— אויך א מעדאַל? — פרעגט שמואַלזאָהן ווי בעליידיגט.

— טאַק טאָטשנאָ, בארין, און חאריטאָנאָוו קוקט פערוואונ־דערט, וואָרום דער ערשטער איז אַזוי פערכמארעט געוואָרען.

— קענסטו מיר פיעלייכט צייגען דיין מעדאַל?

— איך טראָג עס באַלד ארוים.

אויפגעקאָכט, פול מיט צאָרן, ניעדערגעשלאָגען, פערצווייפעלט, צומישט איז שמואלזאָהן געוואָרען דערזעהענדיג דעם דיענער'ס מעדאַל, וועלכער איז געווען א קאָפּיע פון זיינעם, אויך פון בראָנז.

מיט'ן גאַנצען קראַפט האָט ער א שליידער געגעבען די טיהר, ווען ער איז אריין צו זיך אין הויז אַזש די ווענט האָבען געציטערט און ער האָט געשריען:

— מיין געלד, מיין געזונד, האָב איך געלייגט פאר'ן פריוט פאר'ן האספיטאַל, פאַר אַלץ, געשאָטען מיט טויזענדער און צום סוף בין איך ביי זיי אויף איין מדרגה מיט'ן דיענער, ברררר... דעם שרייבעריל פון קאָנצעלאריע פאַר א יאָהרען א זילבערנעם מעדאַל, און מיר גלייך מיט חאריטאָנאָווען, ברררר... מארוסיא — שרייט ער צו דער דיענסט — שנעל ווארף דעם מעדאַל אויף'ן פייער, איך וויל עס פאַר מיינע אויגען ניט זעהן, ברררר...

---

שמחת תורה ביי נאַכט.

די ערשטע האַלבע הויז וואו דער אַפּטייק, איז פערמאַכט, און די אנדערע האַלבע, וואו דער וואָהנונג איז, איז ליכטיג בעלויכטען, און עס קומט פון דאָרט א קול יעקב.

— ר' איוואן, אָה זייט מיר מוחל, איך האָב אַלץ א טעות, יע, ר' אברהם זאָגט מיר דעם אמת, וואָס האָ! אייך געבראַכט

דערצו, איהר זאָלט מיט אַמאָהל אַזוי צו אונז גוט ווערען. הפנים די באָבע איז צו אייך אין חלום געקומען, לחיים! לחיים! אַזוי פרעגט און שרייט ר' חיים באַראַבאַן.

— שוטה — הערט זיך ווי משה דער שוסטער שרייט — וואָס פרעגסטו קשיות, אַ איד בלייבט אַ איד. מען האָט אונז גערופען מאַכען אַ לחיים, געהאַקט און ניט געפרעגט.

לאַנג, לאַנג האָט זיך פון דאָרט געהערט פרעהליכע אי־דישע געזאַנגען, צומישט מיט אַ קלאָגעדיגען אוי — אוי — אוי. לאַנג, לאַנג, האָט זיך פון דאָרט געהערט לעבעדיגע אידישע האָפּ־צעניו טענצעלאַך, מיט מחיה'דיגע זיסע נגונים'לאַך. לאַנג, ביז שפּעט אין דער נאַכט.

און ווען די דיענסט האָט אַרויסגעשאָטען די מיסט פון אוי־ווען, צוזאַמען מיט די שטיקלאַך מעטאַל פון דעם מעדאַל, זיינען די פרעהליכע אידעלעך פון דאָרט אַרויס און צווישען זיך שטאַרק געררעדט מכח איוואַנען, און משה דער שוסטער האָט געשריען:

— גוואַלד, שוטים, וואָס פרעגט איהר קשיות, אַ איד בלייבט אַ איד.



# צוויי שכורים.

.1

זונטאג פארנאכט. דער גלאָק אין קלויסטער קלינגט.

איוואן פעטראָוו אן אנגעזעהענער קריסט אין שטעדטעל, פאַלט אריין אין הויז טויט שכור...

— מאַרוסיא! — שרייט ער, און פון זיין מויל שלאָגט א שוים — איך... איך... האָב פערשטעהסטו מיך ארייגעטרונקען באלעבאטיש, פערשטעהסטו איך... איך... בין א חאָזאין, קום אַהער באָבע! איך... וועל דיר א טאָפּ טהאָן אפשר האָסטו נאָך א פּאָאַר גראָשען... שנעל עס באקט מיר אין גומען... היי סטאָרוכא דא יא טעבע!... היי די פּראָקלאטע זשידאווקא, האָט מיר ביז א גראָשען אויסגעצויגען, אוה די אונגלויביגע... בררר. איך וואָלט זיי דער־שטאָכען. א נוקא מארוסא! קום אַהער, עס באקט אין גומען... בררר! פּראקלאטיע זשידי!

ער פאַלט אויף א נאָהענטען ביינקעל.

מארוסא, א רויטע, געזונטע פּויערטע וועלכע וויים, אַז טרו־קען שניידט זי ניט אָב, ווען איהר איוואן קומט פערטרונקען, וויל זיך ארויסכאַפּען פון הויז אָבער ער דערזעהט עס און שטעלט זיך מיט רציחה:

— היי באבא! ווערסט איצט ניט געהן, דאוואי גראשי, איך גיעב דיר א שטוים אין זייט, אַז דו ווערסט זיך פערדרעהען. איך... איך... בין דיין חאָזאאין, פערשטעהסט? דו אַלטע דריאן... דא יא טעבע... גיעב שנעל עס דורשט מיך. חייקא האָט א גוטען טרונק... וועלף זאָלען איהר אויפפרעסען, בררר... פּראָקלאָטאיא דאוואי!

— וואָנושא — בעט זיך מארוסא — שוין אַזוי פיעל געלד היינט פערטרונקען — די פלאַקס איז נאָך ניט געשפּינט, איך דאַרף קויפען א רעדל, זעה איך בעט דיר.

— דא קטשאָרטו! גיב אַהער דאס געלד דאָ... מאַטערי, היי

דו! דא וואָט טעבע! פּראקלאטע זשידי, נא אָט איז...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער לאָמפּ פון טיש איז אויף דער ערד, נאָך דעם אַלעם כסדר. און איוואַן ברעכט, שטעכט איינס נאָך דאס אַנדערע, שילט און קאָכט זיך ווי אַ בייזער טיגער, ברדר. יא חאָזאאין נא... איך וועל זיי דערשטעכען... זשידאָווסקאיא מאָרדא... מארוסיא, וואו ביזטו?! איך האָזאאין געטרונקען מיט'ן סטאַראָסטאַ, ברדר... זשידי פּראָ־חוואָסטי, איך איך... מאאאטטעעערי!

ער פאַלט אויף דער ערד, עס שוימט איהם פון מויל און ער ווערט אַנטשלאָפען.

.2

שמחת תורה פאַרנאַכט. דער שמש רופט אין שוהל מנחה דאַוונען.

שלום טרייטל דער שוסטער — אַ'ן אָבגעשטויסענער אידעל פון אַלע אנגעזעהענע שעהנע אידען, פאַלט אריין אין שטוב, טאַנצענדיג אויף זיינע דארע פיסלאַך — גוט שכור.

— היי דו טיראם באם! לאדאראם טאם באם! טרוילאלא, הוילאלא. הוי שיינע גיטל, וואו ביזטו מיין נחמה?! קום אהער, דו ווייסט היינט איז שמחת תורה, אהא דערלעבט חא, חא, חא, חי! קום אהער.... אַ שטיק געלע לעקעך פון קצב'שע קלויז, חא, חא, באם טאראם... וואו איז פייווקע? פאַר איהם אַ שטיק טאָרט, פון יאָסעל'ס קלויז, טיראראם... געטרונקען מיט חיים'ן מיט משה'לען, זיסלען, לאראראם... מיט'ן גבאי מיט'ן איזבאָרשטשיק, האָפּטשאק־טשאק! שיינדעלע מיין ווייב, באם, באם... ניט גע'דאגה'ט... היינט איז שמחת תורה דערלעבט, חא, חא, חא. יאָסע חיים'ס האָט מיר מאָרגען געהייסען קומען, ער האָט פאַר מיר אַ פּאאר געניצטע גוטע הויזען, באם באם היי דא דא! ניט גע'דאגה'ט שיינדעלע! חא, חא, הום דאם, רוף אריין סטעפאַן דעם בורלאַק אָן טראָגט ער וואסער... פאַר איהם האָב איך אַ שטיק טאָרט, לאדאהודאדא! זאָל ער ווייסען אז ביי אידען איז יום־טוב, הודאדא, יום־טוב, גוט יום־טוב! צאַן קדשים'לעך הוראאא! אַ גוט יאהר! אַלע זאָלען האָבען פּרנסה אפילו

סטעפאן אויף; ער ארבייט נעבעך ווי א פערד אוי ווער אוי ווער ווער, בא באם באם!...

— טהו מיר צוליעב — בעט זיך שיינע גיטעל — זעה טרייטעל גער אריין אין בעט, און שלאף זיך איבער. גיעב א קוק ווי דו זעהסט אויס. מארגען דארפסטו מאכען ציפעס שיך, זעה טהו מיר צוליעב און גער אין בעט.

— טי־טי־ראם! איך, מיין נחמה! היינט... היינט... איך... היינט איז דאך שמחת תורה, געטרונקען מיט אלעמען... מיט דיא בעלי בתים היינט... היינט... מארגען ווייטער טרייטעל דער שוסטער. חא, חא, חא, נו, אז דו בעטסט מיך האם־באם איך פאלג דיך. גוט יום־טוב! הוראאא!

זיא פיהרט איהם צו צום בעט, לייגט איהם אריין, און דעקט איהם איין.

— נחמה מיינע — מורמעלט ער — וועק מיך אויף צו מנחה... צאן קדשים־לאך מעעעעעע !

— גוט, גוט, שלאף זיך אויס.

— נחמה מיינע!

— וואס נאך ווילסטו?

— קום אהער, באם־באם־הוי־ראדא!

---

— נו געגוג מך שוין קושען — דו הערסט זיך אין בראנפען ווי א גוי — זאגט זי, און וויל אוועקגעהן און שמייכעלט...

— נחמה מיינע !

— וואס ?

— מיר ווילט זיך עפעס אויסוויינען.

— וואס איז דאס? דא טאנצען, באלד וויינען?

ער האט זיך פאנאנדערגעוויינט.

זי איז צו צום פענסטער, און געקוקט אין דרויסען ווי אלע יונגע געהן שפאציערען. און האט זיך דערמאהנט אן איהרע יונגע יאהרען... ער האט לאנג ניט געוויינט, ער איז גלייך איינגעשלאפען.

# דער מלמד.

דער עולם זאָגט אַ ווערטעל אַז ״שטאַרבען און קנעלען פּערזאַמט מען ניט״, איז עס ריכטיג ווי גאָלד — טראַכט ביי זיך שלום לייבוש דער מלמד, געהענדיג דעם קאָפּ אַרונטערגעלאָזען — אַ מלמד צו זיין איז נאָך ערגער ווי דער טויט.

און עס איז שלום לייבישען גאָר ניט צו פערדענקען ווען ער טראַכט אַזוי. שוין ביי דריי פון זיינע בעלי בתים איז ער געוועזען בעטען אַ פּאָאָר גילדען שכר לימוד, און קיינער האָט איהם ניט געגעבען. אויף איצל דעם שוחט געפינט ער אַ זכות, נעבאָך אַליין אַ קבצן, אָבער זרח דער שיינקער און ברוך דער בעקער? ניט שוין זשע האָבען זיי ניט אַ פּאָאר גילדען?

אין איין אַנדער צייט וואָלט שלום לייבישען ניט געאַארט. איצט אָבער איז ער פּשוט אויס מענש פון פערדרוס. זיין חנה באַשע וויל ניט אַנדערש נאָר פאָהרען אויף קברי־אָבות, און זי דאַרף אויף הוצאות.

זי איז פאַר פסח זעהר קראַנק געוועזען און אַז גאָט האָט איהר אויפגעהויבען פון קראַנקען בעט, איז ניט מעהר ווי רעכט זי זאָל פאָהרען.

— מיט וואָס בין איך ערגער פון אַ שוסטער אָדער אַ שניי־דער? — טראַכט שלום לייבוש שוין לויפענדיג אַביסעל שנעלער אַ ; ניט וויסענדיג וואו — ווייניג דען טריקענט מיר אויס מיין הארץ פון די ״עשרת בני המן״? ווייניג דען פּלאַצט מיר די גאַל פון זיי? דער זמן ענדיגט זיך שוין באַלד און בעטען געלד מיט בייזען, וועט מען מיר די קינדער אויף'ן צווייטען זמן ניט געבען. רבונו של עולם! וואָס פאַר אַ ביטער שטיקעל ברויט דאָס מלמדות איז, אַז דער...

— וואו לויפט איהר אַזוי ר׳ שלום לייבוש? — שטעלט איהם

אָפּ לייבע משה דער קירזשנער, טראָגענדיג א הויכע קופּע מיט היטלען.

— א גוט מאָרגען אייך, ר׳ לייבע משה! — מאַכט שלום לייבוש — אָט מען לויפט, דער אַלטער מיינער האָט זיך פער־וואָלט פאָהרען אויף קברי אָבות, נו מען דארף אויף הוצאות, איך וויים וואָס?

לייבע שרה׳ס צוויי אינגלעך האָבען געלערנט ביי שלום לייבישען, און אום דער ערשטער זאָל ניט דיינקען אז ער מיינט ביי איהם געלד צו בעטען, האָט ער א מאַך געטהאָן ווי אונטערן האנד:

— אָט אויך אַן עסק, וועט זיין אויף הוצאות וועט זי פאָהרען, אז ניט — וועט זי זיצען אין דערהיים.

— איך וועל אייך זאָגען דעם אמת — מאַכט דער קירזשנער מיט א פערדריסליך פּנים — די צייט איז אזוי שלעכט, אז אויף בילכערע זאכען פעהלט עס אויך אוים; איך וויים אז עס קומט אייך געלד, עס קומען באַלד די ימים טובים און איך וועל אייך בעצאָהלען אין גאנצען מיט גאָט׳ס הילף.

דעם קירזשנער׳ס זאָגען ״בילכערע זאכען״ האָט דעם מלמד א שטאָך אין הארצען געטהאָן, נור געזאגט האָט ער:

— גאָט איז מיט אייך! ווער בעט עס דען ביי אייך געלד? נארישקייטען, הלואי האָב איך אַלע מיינע בעלי בתים אזעלכע ווי איהר. נארישקייטען, אז איהר זייט מיר שולדיג געבליעבען פון פאָריגען זמן א העלפט שכר למוד, איז עס א גרויסע זאך? אייער רצון איז דאָך גוט געווען. אלא וואָס דען, עס איז ניטאָ, נו געגען גאָט׳ס רצון קענען מיר ניט געהן — האָט מיר א גוטען טאָג.

שלום לייבוש לויפט ווייטער, און דעם קירזשנער׳ס זאָגען ״בילכערע זאכען״ געהט איהם פון געדאנקען ניט אַרוים...

מאָריטץ דער פעלדשער, איז געזעסען אויף׳ן גאניק מיט א צייטונג אין די הענד. זיינער א אינגעל איז אין חדר געגאנגען צו שלום לייבישען.

דער לעצטער האָט איהם געוואָלט פערביילויפען, נור דער ערשטער האָט איהם מיט א שמייכעל בעגעגענט.

— וואו לויפט איהר, רבי?

"זאָל איך איהם אפשר בעטען? — גיט דער מלמד א טראַכט, און ענטפערט:

— אַט נאַרישקייטען, מען לויפט איך ווייס וואָס, ווען, מען לויפט!

— קענט איהר דען, אין מיטען טאָג לאָזען דעם חדר אַליין?

— פרעגט דער פעלדשער מיט אַן ערנסטען טאָן.

דער מלמד גיט אַ שוידער.

— מיין ווייב, מיין... מיין אַלטע וויל פאָהרען אויף קברי אָבות — זאָגט ער מיט דעם געדאַנק מעהר אַלס אַ תירוץ ווי געלד צו בעטען — לויף איך קריגען אַ פּאָאר גילדען אויף הוצאות, אפילו נאַרישקייטען נור וואָס זאָל מען טהאָן?

— הם... מאַכט דער פעלדשער — וואו נעהמט מען עס געלד היינטיגע צייטען? אַזאַ געזונדע צייט איז שוין לאַנג ניט געווען. די גוים הויבען ניט אָן צו קריינקען, און פון די באַנקעם פּרייטאָג אין באָד איז גאָר ניט צו מאַכען.

— חלילה, ווער מיינט עס ביי אייך געלד צו בעטען! — זאָגט דער מלמד מיט אַ רחמנות פּנים, נאַרישקייטען, האָט מיר אַ גוטען טאָג, ר' מאָריטץ.

אויף'ן וועג האָט שלום לייבוש בעגעגענט נאָך צוויי פון זיינע בעלי בתים איינער האָט זיך שטאַרק געבייזערט, ווארום זיין אינגעל זאָגט נאָך "קריכענדיג" עברי און דער צווייטער האָט געזאָגט, אַז די געלד וואָס מען גיט היינטיגע צייטען די מלמדים איז ארויסגע־וואָרפען.

געלד, ניט ער האָט ביי זיי געבעטען ניט זיי האָבען איהם געגעבען.

זיין לעצטע האָפנונג איז געווען צו קריגען געלד ביי זלאַטע די אַלמנה. מיט איהר האָט ער שוין געקענט ריידען מיט מעהר העזה.

— אוי, אַזאַ גאַסט, אַזאַ גאַסט — האָט זי מיט איבעראַשונג געזאָגט ווען ער איז אריינגעקומען.

— זלאטע, לעבען זאָלט איהר — מאכט דער מלמד גאנץ פריי — איהר מוזט מיר געבען א פּאאר גילדען, ווען עס וואָלט מיר ניט געקומען, וואָלט איהר מיר געמוזט אפילו לייהען, מיין אלטע דארף פאָהרען אויף קברי אָבות. נארישקייטען, אז איהר וועט וועלען וועט איהר זיך אַן עצה געבען. נארישקייטען, איהר וועט שוין מיר מסתמא ניט אַרויסלאָזען מיט ליידיגע הענד.

זאָל קיין צער און קיין דלות אין מיין הויז ניט זיין, ווי עס געפינט זיך ניט ביי מיר אַ צובראָכענער גראָשען, מאכט זלאטע מיט פערדרוס.

— וואָס רעדט איהר, בייזערט זיך דער מלמד — איך האָב די קינדער אליין איבערגעלאָזען אין חדר און בין צו אייך געלאָפען, וואָס רעדט איהר, וואָס הייסט ניט געבען!

— ווי, איהר גלויבט מיר גאָר ניט? — מאכט זלאטע און קוקט איהם מיט פערוואונדערונג גלייך אין פּנים אריין.

ער לויפט אַרויס אויפגערעגט ניט אַ וואָרט ריידענדיג.

נאָך אַ שטיק וועג פון חדר, האָט ער שוין געהערט די גע־שרייען און געוואַלדען פון די אינגלעך. ער איז געלאָפען מיט'ן גאנצען כח.

קוים האָט ער געעפענט די טיהר זיינען זיי אַלע שטיל גע־בליעבען.

שטענדיג פלעגט איהם חנה באשע איבערגעבען אַ רעפּאָרט, ווי אזוי משה'קע האָט געצויגען דער ציג'ס בערדיל, חיים'קע דעם עק פון דער קאטץ און נאָך מעשים תעתועים פון די תלמידים; איצט האָט זי איהם בעגעגענט מיט דער פראגע:

— נו? געקראָגען געלד?

—ניין, — ענטפערט ער ניעדערשלאָגען.

— וואָס הייסט ניין?

— קריינק זאָלען זיי האָבען — שרייט חנה באשע — העלד מיינער, מיך קען ער שילטען, דער מלמד, אַ קריינק זאָל איהם כאַ־פּען, אויף מיר קען ער שרייען, שטום זאָל ער ווערען, און אז עס קומט מיט ווער צו רעדען אַ פּאאר ווערטער אָדער בעטען געלד, פערליערט ער דעם לשון.

— נאַרישקייטען, וואָס דאַרפסטו זיך בייזערען און זיך נעה־מען צום האַרצען — בעט זיך שלום לייבוש.

— רעדסט נאָך, מלמד! אַ בראָך צו דיר, אויף דיין קבר זאָל איך שוין זוכה זיין צו פאָהרען. איך מוז פאָהרען אויף קברי אָבות, ניט אַנדערש, דו הערסט?

שלום לייבוש האָט געוואָלט זאָגען די אינגלעך זיי זאָלען דאַוונען מנחה ווען די טיהר האָט זיך געעפענט און דער פעלדשער איז אַריינגעקומען.

דעם מלמד'ס פּנים האָט אויפגעשטראַהלט — "געוויס געלד געבראַכט" — האָט ער אַ טראַכט געטהאָן.

— אוי, אַזאַ גאַסט! — האָט חנה באַשע אויסגעשריען — קומט זעצט זיך.

— איך בין ניט געקומען צו אייך זיצען, נאָר אָפּנעהמען מיין אינגעל. אַ מלמד וואָס געהט אַרום גאַנצע טעג איבער די גאַסען, קען ווייניג וואָס אויפטהאָן מיט קינדער.

*          *

נאָך קיין מאָהל האָט שלום לייבוש ניט אַזוי געזיפצט און געקרעכצט אין שמונה עשרה ווי היינט צו מנחה. חנה באַשע האָט געפיהלט, אַז זיין יעדער זיפץ לעכערט דורך איהר האַרץ.

אַז ער האָט אָבגעדאַווענט איז זי צו איהם צוגעגאַנגען און געזאָגט מיט אַ ווייכע שטימע:

— נאַרעלע, איבער אַזאַ נאַרישקייט דאַרף מען זיך אויך דאָס לעבען נעהמען? אַ כפּרה דער פעלדשער מיט זיין ממזר. גאָט איז גוט, איז ניט דער איז אַנאַנדער תּלמיד.

— איך געה מעריב דאַוונען — זאָגט ער מיט אַ פערשטיקטע שטימע.

— קום ניט שפּעט — בעט זי איהם — איך האָב היינט מיל־כיגע פאַרפעל, עס ווערט זויער אַז עס שטעהט לאַנג.

# דעם רבי'ס קאַנטשוק.

אַ ליכטיגען גן עדן זאָל ער האָבען, מיין רבי איצע פּנחס עליו השלום. איך און אַלע חדר אינגלעך האָבען עס איהם געוואונשען אַפילו ווען ער האָט נאָך געלעבט, טאָ צו וואָס זאָל איך איהם דאס איצט זשאַלעווען?

שוין אַביסעל יאהרען ווי ער איז טויט. זיין קבר איז שוין בעוואַקסען מיט הויכען גראָז, און דאָך ווען איך גיעב פון איהם אַ טראַכט, בעווייזט ער זיך פיר מיינע אויגען, אָט ווי לעבעדיג; איצע פּנחס מיט די ביינער. אין אמת'ן געזאגט, איז ער געווען אַ איצע פּנחס פון נור הוילע ביינער. ער האָט אויסגעזעהן ווי אַ שטעקען אָנגעטהאָן אין קליידער. דערפאַר האָט ער אָבער געהאַט אַ פּאָאר אויגען, וואָס האָבען געפלאַקערט ווי צוויי שטיקער פייער. איין קוק מיט זיי האָט די רביצין געמאַכט ציטערן, און די חדר אינגלעך האַלב טויט — פון שרעק.

איצע פּנחס, האָט מיט אונז אינגלעך זעהר ווייניג גערעדט, ווען יע אַ מאָהל, איז עס געווען מיט אַ שטאָך־וואָרט, מיט כעס און רוגזה.

דאס וואָלטען מיר איהם מוחל געווען, דען די רביצין פלעגט אונז אימער דערצעהלען, אז דער רבי איז צוטראָגען דערפאַר, ווייל מיר אידען זיינען אין פינסטערן גלות. און פון גלות, האָבען מיר אויך געוואָלט פטור ווערען. עס האָט זיך אונז געוואָלט האָבען אַ אידישען אוראדניק, וואָס זאָל קומען דאַוונען מיט זיין שווערד אין שוהל אַלע שבת...

מיר האָבען איהם אָבער קיין מאָהל ניט געקענט פערגעבען, פיר'ן הרגענען אונז מיט זיין כפול שמונה'דיגען קאַנטשוק. גע־שמיסען האָט ער אונז, איבער'ן האלדז, איבער'ן קאָפּ און וואו נור דער וועהטאָג איז גרעסער.

מיין וויינען און בעטען ביי טאַטע־מאַמע זיי זאָלען זאָגען דעם רבי׳ן ער זאָל ניט שלאָגען, איז געווען אומזיסט. דער טאַטע האָט געזאָגט: ״מן הסתם קומט עס דיר״. די מאַמע האָט געזאָגט: ״אַז מען וויל זיין אַ איד, דאַרף מען ליידען. דער רבי האָט אויך גענוג געליטען איידער ער האָט אויסגעלערענט די תורה״.

און איצע פנחס, האָט געטהאָן זיין אַרבייט.

מאַנכע צייטען, פלעגט אין מיין קינדיש קעפעל אַריינפאַלען אַ געדאַנק: ״אַך, ווען איך וואָלט קענען דעם קאַנטשוק אַרויסרייסען פון זיין האַנד און איהם פערברענען!״

און איך האָב איהם, אויב ניט פערברענט, אָבער גוט אויס־געבאַקען.

די מעשה איז אַזוי געווען:

דער רבי איז נאָך געווען ביים דאַווגען, און די חדר אינגלעך האָבען זיך געשפּיעלט אין דרויסען. דער אויווען איז געווען ווי אַ גיהנום און די רביצין איז געשטאַנען איבער אַ גרויסע לאָפּאַטע, און געקינצעלט אַ שטיק טייג פיר אַ לאַבען ברויט. דער קאַנטשוק האָט זיך געוואַלגערט ווי אַן עלענדער יתום אונטער׳ן טיש.

אין פּאָרהויז האָט די ציג איבערגעקעהרט די פּאָמוניצע און די רביצין איז מיט געוואַלד אַרויסגעלאָפען מאַכען אַ תל פון דער ״ווילדער״. איך, ניט לאַנג טראַכטענדיג, האָב אויפגעהויבען דעם קאַנטשוק פון אונטערן טיש, און איהם אַריינגעשפּאַרט מיט די צופּרינעם צוזאַמען אין לאַבען ברוידט, וואָס איז געלעגען אויף׳ן לאָפּאַטע, פאַרטיג צו זעטצען אין אויווען.

ווען די רביצין איז אַריינגעקומען האָט זי בעמערקט, אַז אַ קרייציג פון ברויט איז עפּעס צורינצעלט.

— ווער איז געווען ביים לאַבען ברויט? — האָט זי מיך געפרעגט.

— די קאַטץ איז פערביי געלאָפען — האָב איך געענטפערט שנעל אַטהעמענדיג און געפיהלט אַז מיין קעפּעל ברענט שטאַרק היים.

— א כפרה די ציג מיט דער קאטץ צוזאמען! — האט זי גע־ליארעמט — עס איז פון זיי ניט אריבערצוטראגן.

בערע וועלפקע, חיים שרה האצעס, איז געווען דער ערשטער ביים לערנען, צו וועלכען דער רבי האט געדארפט דעם קאנטשוק. און דער קאנטשוק איז ווי אין דער ערד אריין...

— וואו איז ער אהינגעקומען? — דונערט דער רבי אויף די רבצין — מכשפה! קראנק ביזטו אכטונג צו געבען עס זאל ניט פערפאלען ווערען, אהן דעם בין איך דאך ווי אהן א האנד!

— וואלט איך אזוי וויסען פון דיר, מיט דיין דארע קאפ צו־זאמען! — מאכט די רבצין און געהט ארויס .

און איך זינג "והיה, און עס וועט זיין בימים ההם, אין די דאזיגע טעג!"

— למדן! וואס האסטו זיך אזוי צוגעכאפט צום תנ"ך? — שרייט אויף מיר דער רבי — ביזט חולה זיך איינבויגען, און העלפען זוכען דעם קאנטשוק?

און איך קריך אויף אונטערן טיש און זוך און זוך...

ווען איך זאל וויסען פריהער, אז דער רבי וועט אנשטאט דעם קאנטשוק שטורכען אין זייטען, מיט א שפיציגען שטעקען, און קלאפען אין קאפ מיט זיינע קולאקעס — הארט ווי אייזען, וואלט איך די חכמה ניט געטהאן.

אויפ'ן דריטען טאג, האט זעליג שמערל דער טאבאקערניק, געליהען ביי דער רבצין א לאבען ברויט, און איז באלד געקומען צוריק, האלטענדיג אין האנד דעם קאנטשוק.

— איך האב איהם געפונען אין ברויט — האט ער געזאגט פערוואונדערט.

דער רבי מיט זיינע גרויסע שווארצע פייערדיגע אויגען קוקט אויף אונז אלעמען מיט א פארשענדען בליק. איך פיהל דאס בלוט שאפרט זיך אין מיין געזיכט. און איך לעהרן אויפ'ן קול:

"מי יתנני במדבר מלון אורחים, ווער וואלט מיר"...

— ווער האָט עס געטהאָן?! — הילכט דער רבי אוים מיט צאָרן.

— איך ניט! איך ניט! — ענטפערן אלע ציטערענדיג.

איך וויל אויך מיטשרייען מיט זיי: ,,איך ניט; איך ניט!" נור איך קען ניט...

— למדן מיינער! האָסטו עס געטהאָן?

איך הער ווי דער רבי פרעגט עס מיט גרוים כעס, איך הויב אויף מיינע אויגען און... מיך, מיך, פרעגט ער עס!

מיין הערצל פאנגט אָן קלאַפּען, און אין קעפּל רוישען און שטורמען ווינטען. מיר דוכט זיך, די גאנצע שטיבעל פאלט אויף מיר איין.

— אזוי, דו ענטפערסט ניט? ווארט זשע איך וועל דיר באלד ווייזען.

אזוי מאכט דער רבי צו מיר מיט זיין מויל, און לאָזט זיך צו מיר מיט זיינע הענד...

---

די רביצין האָט מיך פארנאכט געבראכט אהיים, און געזאָגט מיינע עלטערן אז איך האָב איינגעטשאדעט מיין קעפּל דערפאר בין איך קראנק. דעם רבי'ס קלעפּ געדענק איך נאָך היינט, א ליכ־טיגען גן עדן זאָל ער האָבען... איך האָב ניט מודה געווען אויף מיין ,,פערברעכען", נאָר ער האָט פערשטאַנען...



# מיין באָבע.

ווער פון אייך וואָס האָט געהאט דאס גליק צו האָבען א באָבע, ווייס וואָס פאַר א טהייערער ליעבער פריינד דאס איז. די באָבע צייגט ארויס איהר טרייהייט און צערטליכקייט צו איהר אייניקעל, פיעל מעהר, אלס א מוטער צום קינד. די בעסטע מוטער וועט אמאָהל ווערען אויפגערעגט, און דעם קינד געבען לייב־שטראָף. דאַ־געגען, א באָבע וועט זוכען טויזענדער מיטלען, וועט קושען, האַל־זען, איינריידען דאס קינד, און נאָך געבען די שווערסטע קאפריזען — דאס אייניקעל זאָל שווייגען, דאס אייניקעל, זאָל ניט ליידען.

ווי פיעל מאָהל האָט אייך אייער באָבע ארויסגעכאַפּט פון טאטע־מאַמעס הענד, וועלכע האָבען זיך געוואָלט מיט אייך עפּעס אביסעל אויסרעכנען...? וויפיעל מאָהל האָט די באָבע געקושט אייער שטערן, ווען איהר זיינט געשלאָפען און גע'חלום'ט פון גן־עדן, פון מלאכים מיט גאָלדענע פליגעלען? און וויפיעל מאָהל האָט אייך די באָבע עפּעס וואָס אין חדר אונטערגעטראָגען, דאס הער־צעלע דערכאַפּען, און בשעת מעשה אויף דעם רבי'ן אנגעזאגט, ער זאָל ניט שלאָגען...? וויפיעל מאָהל, האָט די באָבע איהרע אַלטע ביינער, איהר שוואַכען קערפּער געמיהט פאַר אייך?

און דעם טהייערען בריליאנט, אָט דעם בעסטען פריינד האָב איך ניט לאַנג פערלאָרען. דער קבר איז נאָך ניי, זי מוז נאָך דאָרטען שעפּצען מיט איהרע לעפצען. וואָלט איך ניט געוועזען אזוי ווייט פון איהר, קען גרייליך זיין, אז איך וואָלט זיך נאָך מיט איהר אויפגערעדט — דער קבר איז נאָך ניי, ניט אין גאַנצען פער־שטיינערט... איך וואָלט צו איהר גערעדט מיט טרעהרען, אָבער מיט אזוי פיעל, אז עס וואָלט דורכגענעצט דעם גאַנצען קבר, און הייסע טראָפּענס וואָלטען געקאפּעט אויף איהר קאַלטען קערפּער, פון וועלכען זי וואָלט זיך אויפגעכאַפּט.

ניט מיר דוכט זיך, איך ווייס עס באמת, אז מיין באָבע איז

געווען די בעסטע, די עדעלסטע, די ליעבסטע, ניט אַזוי פאַר מיר, ווי אויך פאַר אַלעמען. איהר שמייכעלע, האָט געטרויסט, איהרס אַ גוט וואָרט האָט דערפרישט, איהרע טובות איז געטהאָן געוואָרען שטילערהייד, קיינער האָט ניט געוואוסט, — זאָגאר דער בעדירפ־טיגער פון די טובה — היינט קלאָגט נאָך איהר אַ "וועלט", נו, קען מיר דען שטילען מיין הארץ?! און מיט וואָס קען איך מיך טרויס־טען? — איך האָב מיין באָבע פערלאָרען.

"שיינע איטע", איז אַ כשרה נשמה, אַ זעלטענע "אידענע", אַזוי האָבען אַלע געזאגט, און מיט די כשרה ריינע נשמה, איז זי געבליעבען ביז איהר טויט... ביז גאָט האָט איהר אין זיין שוים אריינגענומען.

איך געדענק, עס איז געווען אַ שבת פאַרנאַכט. טאַטע מאַמע זיינען אַוועק צו מעריב, אַלע פון הויז זיינען פאנאנדער געגאנגען, און אין שטוב איז געווען פינסטער; דער טאַטע האָט מיר אפילו אָנגעזאגט, איך זאָל קומען אין שוהל נור די באָבע האָט מיר גע־האַלטען אויף'ן שוים שטאַרק צו זיך צוגעדריקט, און איהר יעדער זיפץ, האָט אויך מיין קליין קערפעריל דורכגענומען ווי מיט אַ'ן עלעקטרישען שטראָם.

— וואָס דאגה'סטו אַזוי, באָבינקע? וואָס קרעכצסט דו? — האָב איך איהר געפרעגט. — דו טרויסט אַלעמען, און אַליין ביזטו פערזאָרגט.

זי האָט איהר האַנד געלייגט איבער מיין קאָפּ, און געזאָגט:

— יע, מיין קינד, איך טרויסט יעדען, אָבער מיך וועט קיינער ניט קענען טרויסטען.

— ווער איז דאס אין אונזער משפחה געשטאָרבען? — האָב איך געפרעגט אונשולדיג.

— וועה איז מיר, רייד קיין נאַרישקייטען — האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן — מיר זאָלען אַלע אויסלעבען די יאָהרען. קיינער איז חלילה געשטאָרבען, איך דאגה נור, פאַר דער וועלט וואָס איז אַזוי פאַלש פערדאָרבען. ווען גאָט וואָלט ניט געשוואָרען, וואָלט ער שוין לאַנג אַ צווייטען מבול געשיקט. אָבער דו, מיין קינד, זעה צו געהן אין אַ גוטען וועג. זיי אַ'ן עהרליכער איד, מיט אַ אידישע

הארץ, זאָלסט ניט ריידען שלעכטס אויף קיינעם, זאָלסט אַלע מאָהל זאָרגען פאר'ן צווייטען — אז דו וועסט אויסוואקסען וועסטו דאָך געוויס דערפיהלען דעם יאָך, דעם וועהטאָג פון שווערען פינסטערען גלות, זאָלסט דו דעם בטחון ניט פערליערען, זאָלסט וויסען אז דו ביזט א איד...

פון ווייטען האָט זיך דערזעהן די אקאָרשט אָנגעצונדענע ליכט אין בית המדרש, זי האָט מיך אראָפּגעלאָזען פון שויס און אָנגע־צונדען דעם גרויסען לאָמפּ.

*　　*
*

— באבינקע! דאס איז געווען לאנג, לאנג צוריק, ווען איך האָב נאָך דיינע ווערטער ניט פערשטאַנען, אָבער דאָ ניט לאנג פאר מיין שיידען זיך מיט דיר ווען דו האָסט מיך ארומגענומען און וויינענדיג געזאגט: "גאָט ווייסט, מיין קינד, אויב מיר וועלען זיך נאָך אמאָהל זעהן, געה אין א גוטען וועג, זיי א איד..."

דאַן האָב איך דיר געהאַט א סך צו זאָגען, נור מיין הארץ איז געווען פערשטיינערט, פערביטערט. דער געוויין פון מיינע על־טערן, ברידער און שוועסטער, האָט מיך אין שטיקלעך צוריסען און דער בעל העגלה, האָט דעם פערד א טרייב געטהאָן...

און איצט... אך, איצט, האָב איך דיך שוין פערלאָרען! פער־לאָרען אויף אייביג און בלייב ניט געזאגט, ניט דערצעהלט דיר. און צו זאָגען, צו דערצעהלען, באבינקע, האָב איך אזוי פיעל, אזוי פיעל !

האָסט מיר געהייסען געהן אין א גוטען וועג. איך האָב גערען געוואָלט פאָלגען. אָבער, באבינקע, ווארום האָסט דו מיר ניט גע־זאָגט, וואו דער גוטער וועג געפינט זיך? דען וואו איך געה און וואו איך שטעה, טרעף איך דערנער מיט שטיינער. עס ציהט זיך פון דערווייטענס א שעהנער וועג, פון די זייטען בעוואקסען מיט בוי־מער, קום איך נעהנטער אוי וועה איז מיר. ס'רינען טייכען מענשליכען בלוט. עס רינט און פליסט ווי פון תהום. געה איך

אויף אַ צווייטען וועג, טרעפט מיר אַליין אונגליקען, שלעק, פער־פאָלגונג, דריקונג און פּיין, געוואַלד באַבע וואו איז די גוטע וועג?!

און דאס וואָס איך געפין ניט דעם גוטען וועג, טרייבט מיך איך זאָל אויסהיטען דיין צואה, איך זאָל בלייבען אַ איד. איך בין אַ איד גאָר ווי נעטהיג איז, אַ איד מיט די ביינער, אַ איד מיט'ן גאַנצען הארצען, אז דו וואָלסט אַנגעקוואָלען קוקענדיג אויף מיר. אָבער אַ איד מיט אויסגעגלייכטע ביינער. אך, באַבינקע, ניחיי וואָלסטו עס זוכה געווען צו זעהן, וואָלסטו דאָך אַזא נחת געהאַט.

דיין קבר, דיין קבר, דאס איז מיין וואונש צו זעהן, ווי גראָב די ערד זאָל זיין וואָלט איך טרעפען דיין דורכדרינגענדען בליק. ווי קאַלט די גרויסע מצבה זאָל זיין, וואָלט איך עס דערוואַרמען ביי מיין הארצען. ווי גרויס דער בוים אויף דיין קבר זאָל זיין אויס־געוואַכסען, וואָלט איך עס פיר אַ זאנפטיגען בלום אין מיין קלייד איינגעשטעקט. ווי טרויעריג דער גאַנצער בית־עולם זאָל אויסזעהן, דאָרט וואו דיין וואָהנונג איז, וואָלט עס פאַר מיר זיין דער פרעה־ליכסטער פּאַראַדיז, ווי לאַנג דיין שלאָף זאָל דאָרט דויערן וואָלט עס פאַר מיר זיין אַ זיסע מינוט.

דיין קבר, דיין קבר, דאס איז מיין וואונש צו זעהן.



# זיין לעצטע מצוה.

א סך יאָסעלס האָט שלאַפּישאַק געהאַט. האָט מען נאָר גע־זאָגט "ר' יאָסעל", איז עס געווען דער יאָסעל וואָס גיט אַוועק זיין געלד צו אָרימע, זיי זאָלען האָבען מיט וואָס צו קויפען פיש אויף שבת.

א גרויסער נגיד, איז ר' יאָסעל קיין מאָהל ניט געווען. ווי האָט ער דען געקענט זיין רייך? האָט ער געעפענט א שפּייז קראָם, איז "פראַנק און פריי" געווען פיר יעדען קבצן צו נעהמען פיעל זיין האַרץ געלוסט, כלומרשט אויף באָרג.

וואָלט שלאַפּישאַק ניט געווען פול מיט אַזוי פיעל קבצנים, וואָלט ר' יאָסעל נאָך געקענט זיצען און לערנען, און זיין שרה־לאה וואָלט איהם שוין פערזאָרגט מיט חיונה. שלאַפּישאַק איז אָבער א מלוכה פון אביונים און זיי געהט ווייניג אָן וואָס ר' יאָסעל איז אויך א "מלך אביון". טאָמער פעהלט זיי עפּעס וואָס, איז גלייך צו ר' יאָסלען. האָט ער ניט זיינע צו געבען, וועט גאָט געבען. ר' יאָסעל וועט זיך שוין געפינען איין עצה; א לויף אהער, א לויף אהין — ער קריגט שוין.

צייטענווייז, ווען דער הוסט האָט איהם שטאַרק צומאַטערט און די רהעמאַטיזם האָט געדרעהט זיינע ביינער פלעגט ער זיך בעטען:

— קינדערלאַך האָט רחמנות אויף מיר, איך האָב שוין קיין כח ניט.

— וואוהין דען, ר' יאָסעל, זאָלען מיר געהן? ניטאָ א ביסען ברויט אין איצקע דעם טרעגער'ס שטוב, די ווייב און קינדער זיינען טויט הונגעריג. שטייטש ר' יאָסעל, ווי קענט איהר דאס פון זיך אָבשאָקלען אַזאַ זאַך?

און ר' יאָסעל האָט פאַנאַנדערגעוואָרפען א לאַנגע ווייבערשע זאַק, וואו ער האָט געהאַלטען זיין גראָשענעם קאַפּיטאַל. האָט ער געפונען א פּאָאַר קופּערנע מטבעות האָט ער עס אוועקגעגעבען, ווען ניט, איז ער ארויסגעלאָפען צו דעם צו יענעם, און אויפגע־קליבען עטליכע קאָפּיקעס.

* *
*

אין שטיבעל קען מען שוין מעהר ניט אריין. א חוץ די מחותנים פון דער גאַנצער שטעדטעל זיינען זיך אויך צוזאַמענגע־פאָהרען א היבש ביסעל קרובים פון אנדערשוואו און דאס שטיבעל קען שוין מעהר קיין נפשות ניט אריינגעהמען.

—א חידוש וואָס מען פיהרט שוין ניט צו דער חופה ! וואונ־דערן זיך די וואָס שטעהען אין דרויסען.

— לויפט צו ר' יאָסלען ! קומט א געשריי פון פערשיעדענע קולות פון שטיבעל.

— וואָס איז געשעהן ?

— דער חתן געהט ניט צו דער חופה ביז דער מחותן וועט איהם קויפען א טלית.

מעהר האָט מען ניט געפרעגט. דער מחותן איז געווען דער וואַסער־פיהרער. איידער ער האָט צוזאַמענגעשלעפּט די נויטהיגע זאַכען פיר זיין סאַמע טרייגעם חתונה, האָט ער אָנגעריהרט יעדען קבצן פון שטעדטעל מיט "לייהעגישען". דערפאַר האָט יעדער געוואוסט אז צו קויפען א טלית האָט ער געוויס ניט.

— צו ר' יאָסלען, צו ר' יאָסלען ! פריהער גאָט און דערנאָך ער.

* *
*

אויסגעמאַטערט שוואך און מיעד איז ר' יאָסעל געזעסען אי־בערן טיש און מעביר געווען די סדרה, ווען מען איז צו איהם אריינ־געלאָפען מיט געפּילדער און געשרייען אז דער חתן וויל ניט געהן צו דער חופה אָהן א טלית.

— קינדערלאך — האָט ער זיך געבעטען — איך פיהל אז מיינע כחות דיענען מיר שוין ניט מעהר. עס איז פרייטאג פאַר־

נאכט., וואס קען איך טהאן? האט רחמנות אויף מיר איך בין קראנק, לאזט מיך צורוה.

זיין שוואכע קראנקע שטימע האט די מחותנים געריהרט טיעף אין הארצען, און זיי האבען איהם פערלאזען אהנע מעהר איהם צו בעטען.

— וועה איז מיר — האט זיך ר׳ יאסעל א כאפ געטהאן מיט א פאאר מינוטען שפעטער — איך האב דאך מיין שבת'דיגען טלית, א שפאגעל נייער, אפשר וועט דער חתן איהם נעהמען, וועל איך דאווגען אין אלטען ביז גאט וועט העלפען.

ווען דער עולם האט דערזעהן פון ווייטען ר׳ יאסלען אנקומען איז געווארען א געשריי:

— פיהרט צו דער חופה, ר׳ יאסעל קומט מיט א טלית.

ר׳ יאסעל האט זיך געבעטען, מען זאל איהם לאזען געהן אהיים, ווייל ער פיהלט שוואך, נור די מחותנים האבען איהם ניט אבגע־לאזען: ״ווען ניט איהר וואלט אונזער שמחה געווען א פערשטער־טע״ — האבען זיי גע׳טענה'ט — און איהר מוזט דערפאר מיטגעהן צו דער חופה.

און ר׳ יאסעל איז מיטגעגאנגען.

זיינע פים האבען זיך אונטער איהם געבויגען פון שוואכקייט, נור די כלי זמרים מיט זייער פרעהליכען און האלב־וויינענדיגען מארש האבען איהם אביסעל דערמונטערט.

ווען דער מסדר קדושין האט געענדיגט די ברכות און די ביי־שטעהענדע מחותנים זיינען פערטיג געווען אויסצושרייען: ״מזל טוב״! האט זיך דערהערט א פערצווייפעלטער געשריי:

— ר׳ יאסעל איז געפאלען! ר׳ יאסעל האט גע׳חלש'ט! ר׳ יאסעל איז טויט!

דער ״מזל טוב״ איז געבליעבען פערשטיקט אין אלעמענס הערצער און די כלי־זמרים האבען היינטיגעס מאהל צוריקגעהענדיג פון דער חופה מעהר ניט געשפיעלט.



# מיין חבר משומד.

דער בעסטער פון מיינע אלע אידישע פריינד, מיין חבר יודקע, האט זיך גע'שמד'ט. דער רבי פלעגט איהם רופען "קליינער ממזר", אדער אמאהל "בעל בכיה". יודקע איז געווען קלוג און איינפעליג. דעם רבי'ס נביאות איז מקוים געווארען. ער פלעגט זאגען: "יודקע, וועט אויסוואקסען א משומד".

"בעל בכיה" האט ער איהם גערופען דערפאר, ווייל יודקע האט געהאט א נאטור צום וויינען. האבען זיך צוויי פויערים גע־שלאגען אז זייער בלוט האט זיך געגאסען, האט יודקע געוויינט. די רביצין האט זיך אמאהל געטראפען מיט א שווערע וואג אין גראבען פינגער פון פוס בייח שפאלטען א הולץ, האט זיך דער־הערט דאס וויינען פון יודקע; ער האט געכליפעט אקוראט ווי איהם האט עס וועה געטהאן.

יודקע איז נאך זעהר יונג געווען, און זיין קעפעל האט שוין געטראכט. ער האט שוין געהאט א בעגריעף פון עטוואס ערנסטעס, אז זיין פאטער האט איהם אמאהל גע'מוסר'ט, ווארום ער לערנט ווייניג, האט ער איהם געענטפערט: "טאטע, ר' חיים איז א איד א למדן, אז ער קומט ביי דיר בעטען לייהען א רובעל, זאגסטו איהם אלערליי תירוצים, אז דו האסט ניט, און קענסט ניט, און אז פייוועל דער אדוואקאט, אויף וועמען דו אליין זאגסט, אז ער עסט אהן א היטעל, בעט דיך לייהען, טראגסט דו איהם אנטקעגען; טא וואס דארף איך לערנען מ'זאל מיך פיינט האבען?"

מיר זיינען צוזאמען אין א פרייטאג נאך א האלבען טאג גע־לעגען אויף'ן גלח'ס לאנקעס. עס איז געווען א שעהנער טאג. די זונן האט מיטעל געווארעמט. א סך פויערים האבען געשניטען היי און א ביסעל ווייטער האבען זיך געפ טערט א סטאדע בהמות.

— ווייסט וואס איך וואלט וועלען? — האט צו מיר יודקע א זאג געטהאן.

—וואס ?

— משיח זאל שוין קומען. מיר זאלען שוין געהן אין ארץ ישראל. דארטען וועלען מיר אויך אזוי געהן ווי פויערים, מיר ועלען האבען לאנקעס, אקסען, קיה, פערד מיט וועגען. פויערים וועלען דאך שוין אויך ניט זיין, זיי וועלען דאך אויך ווערען גוט און פרום. אה, מיר וועלען אלע זיין צוזאמען. יודקע האט פאר שמחה געטאנצט אויף גרינעם גראז.

* *
*

מיר זיינען געווארען עלטער, מיר האבען אנגעפאנגען לעזען דעם "המליץ". יודקע פלעגט אימער ארומגעהן און טראכטען פון כלל. זיין גרעסטער און שטארקסטער פערלאנג איז געוועז דאס אידישע פאלק זאל געהאלפען ווערען.

מיר האבען זיך צושיידעט מיט יאהרען צוריק, אין פריהלינג פון אונזער לעבען.

— זיי געזונד, ברודער, מיר זאלען זיך ווידערזעהן אין אזא צייט, ווען דאס פערפינסטערטע געפלאגטע אידישע פאלק וועט זיין צוזאמען — האט ער געזאגט — עס זאל אויסגעטריקענט ווערען די טייכען טרעהרען, וועלכע זיינען צומישט מיט אונזער בלוט. — זיי געזונד, ברודער !

* *
*

מיין חבר האט זיך גע'שמד'ט. אט זיינען זיינע ווערטער וואס ער שרייבט מיר אין ערשטען בריעף :

"די עקאנאמישע אומשטענדען האבען א גרויסען טהייל אין דעם וואס איך האב אבגעטראטען פון אידישען פאלק. איך זאג אידישע פאלק, ווייל אזוי רופט זי זיך אליין, אזוי האב איך עס גערופען, ווען איך בין געוועזן אינווייניג.

"איך וועל זיין דער גרעסטער נאר זאגאר דער ערגסטער פערברעכער, ווען איך וועל זאגען, דאס אידען זיינען קיין פאלק געוועזן. אה, ניין ! איך קען עס ניט זאגען, אבער איצט ? ! איצט

זאָג איך עס אָפען, אידען זיינען קיין פאָלק, און צוליעב א שאטען פון א פאָלק, וועלכע לאַכט און שפּאָט פון זיך אַליין, האָב איך מעהר ניט געקענט ליידען.

''מיין גאַנצען לעבען, מיינע בעסטע יאָהרען האָב איך גע־ווידמעט צו מיין פאָלק. מיין יוגענד האָב איך אָבגעגעבען, צו זיין א דיענער א געטרייער, פיר מיינע אונגליקליכע ברידער, וועלכע ליידער אַליין פיהלען ניט זייער אונגליק און ווילען זיך ניט העלפען.

''אויף וואָס וואַרט דער איד? אין א צייט, ווען זאַגאַר פערד, חיות האָבען שוין גענאָסען דעם זיסען ביסען פון דער ליכטיגער ציווילייזאַציאָן, איז דער איד, נאָך אַלץ פעראַכט, און פערהאַסט. דער איד פיהלט עס ניט און ווען ניט געבען כאָטש עטוואס מוטה, ווען א ברודער וויל אָפּפערן זיין לעבען, צוברעכען זיין הארץ אין שטיקער פאַר איהם. ווען אידען שווייגען איצט זיינען זיי קיין פאָלק, נאָר א שאָטען פון פאָלק''.

* *
*

דער צווייטער בריעף, וועלכען איך האָב ערהאַלטען מיט זעכס מאָנאַט שפּעטער:

''פון דער ווייטענס האָב איך געזעהן א הויז, וועלכע האָט פערבלענדט מיינע אויגען. אין מיין אַלטע הויז, האָב איך ניט געהאַט קיין אטהעם, קיין לעבען, און איך האָב זיך איבערגעקליעבען אין דער נייער הויז, אָבער וואָס האָב איך דאָ געטראָפען! א לעבען וואָס איז צו מיר פרעמד... איך וויל לויפען צוריק אין מיין אַלטע הויז, אָבער... די טיהר איז פערמאַכט, פערשלאָסען פאַר מיר אויף אייביג. שווערע שטיקער אייזענס הענגען איבער מיין קאָפּ, אויב איך וויל נאָר וואַגען אַרויסצוגעהן...

''דער יוגענד איז א פייער, וואָס ברענט. אַמאָהל מאַכט עס ליכטיג אַלעס וואָס אַרום, אַמאָהל מאַכט עס נור א געדיכטען רויך, און פערשטעלט די אויגען... איך האָב צו וואָס געשטרעבט עס האָט אין מיר געברענט, אָבער דאס פייער איז געווען געדיכט מיט א

שווארצען רויך, וואָס האָט מיר פערהילט אין אַ שטיק פינסטערניס.

״ווי קום איך איצט דערצו, איך זאָל קענען אָנקוקען אַ אידען גלייך אין די אויגען? וואו נעהם איך די מעגליכקייט איהם צו רופען ברודער, ווען איך האָב אין זיין קלאָהרען ברונען געוואָרפען שטיינער, און בעשפּיגען די קרוין פון זיין קאָפּ. שטעהענדיג איצט פון ווייטען, האָבענדיג נייע ״בריעדער״, קען איך זעהן דעם קאָנ־טראַסט. האָבענדיג נייע ״בריעדער״, זאָג איך — חאַ, חאַ, איך לאַך מיט בלוט... נייע בריעדער! מיט וואָס פאַר אויגען קוקען זיי אויף מיך? איך וויים זיי האסען מיך, זיי שטעכען מיך דורך, און איך, איך בין אונטערטהעניג ווי אַ שקלאַף, איך מוז אזוי זיין... אָבער גאָט, מיין טעות, מיין פינסטערער טעות ווען איך האָב געדענקט, אַז אין זיי וועל איך געפינען אַ פאָלק! איד! ווארום האָב איך אין דיך אַזאַ טעות געהאט? דיין אידעאַל איז הייליג, דו האָסט אַ פערלאַנג, אָבער איז דען דיין שולד ווען דו האָסט ניט קיין ריכטיגע וועקער? ווארום האָב איך פערגעסען, אַז דיין שלאָף איז אזוי לאַנג און מען מוז דיר שטאַרקער וועקען?...״

* *
*

מיין גוטער חבר, דיין חרטה, דיין קלאַגען, שפּאַלט מיין האַרץ. איצט בין איך ווייט פון דיר. ניין, ווים זאָג איך! נאָהענט, נאָהענט, זעהר נאָהענט. ביזט מיך ליעב, אקוראַט ווי דאַן, ווען מיר זיינען געלעגען אויף׳ן גראָז און מיר האָבען געטרוימט פון אַ אידישע צוקונפט. יע, די צוקונפט וועט קומען און וועט בעגע־גענען אַ געזונדטעם אידישע פאָלק, וואָס וועט בעגרייפען דעם פערלוסט, פון געטרייע קינדער אין גלות.



# דער צווייטער נס חנוכה.

היינט איז דאס ערשטע חנוכה ליכטעל. עס איז נאך האלבער טאג, די זון שיינט מיט א לאסקאווען שמייכעל, און די שטיקלעך אייז פון די ברעגעס דעכער צוגעהען פאר נחת... אין שטיבעל איז פינסטער, די פענסטער זיינען פארשטעקט מיט שמאטעס, און לאזען ניט אריין א פרעהליכען שטראהל פון די זונן.

דער איינוואהנער פון שטיבעל איז אונז גוט בעקאנט. מיט א יאהר צוריק האבען מיר איהם געזעהן אין א גרויסען ליכטיגען פרעהליכען הויז. פריעדען און פריידען האט געהערשט אין יעדער ווינקעלע, ער, זיין פרוי און קינדער האבען גליקליך געלעבט. א קורצע צייט! דער זעלבער גדליהו, אבער ניטא זיין פרעהליכער געזיכט און שטאלצער אויסזעהן. ער זיצט אנגעשפארט ביין אויוען אויף א הילצערנעם קעסטעל די הענד צוזאמענגעלייגט אין די אר־בעל דעם קאפ אראבגעלאזט אויף'ן ברוסט און טראכט אן יענער גוטער צייט... דעם שענק האט די רעגיערונג צוגענומען, דאס הויז פערקויפט, מיט די עטליכע רובעל האט ער אנגעפאנגען האנדלען מיט א שותף וועלכער האט פערכאפט זיין געלד און אנטלאפען נאך אמעריקא. גדליהו זיצט און טראכט, ווען ער זאל מעהר בעשולדיגען אין זיין לאגע, די רעגיערונג וואס האט זיין ברויט צוגענומען אדער וואס זיינער א ברודער איינער פון די ״רחמנים בני רחמנים״ האט זיין לעצטען מיטעל פון לעבען גערויבט.

דער זייגער פון שטאדט קלויסטער האט יעצט אבגעשלאגען דריי מאהל. גדליהו גיט זיך א כאפ און דערמאהנט זיך אז יודייקע וועט באלד קומען פון חדר עסען. רחל איז ערגעץ געגאנגען בארגען א פאאר גילדען, צו קויפען ברויט. לאנג ווי זי איז אוועק און נאך ניט געקומען. ״ניטא יענע צייט״, רעדט צו זיך גדליהו, דאן האט מען אלעס אין שטוב געבראכט, אבי נעהם״.

ביים טיהר האָט זיך פּלוצלונג אַ שטאַרקער הוסט דערהערט, גדליהו ווערט דערשראָקען. ער ווייס שוין ווען רחל האָט גרויסע פּערדרוס, הוסט זי. ער לויפט איהר אַנטקעגען, עפענט די טיהר, זי קומט אַריין. ניט אַ וואָרט ריידענדיג ווארפט זי זיך אויף'ן בעט און שרייט אויס מיט אַ געוויין: "אָה ביטער! ביטער! וועה איז צו אונזערע יאָהרען, וואָס פון אונז איז געוואָרען!" גדליהו שטעהט, עס קלעמט איהם דאס הארץ, ער קען ניט אויסשרייען, ער קען זיך ניט אויסוויינען. רחל איז געגאַנגען לייהען אויף ברויט, און האָט שוין דעם מאָהל אויך ניט געקראָגען, און יודעלע דאַרף באַלד קומען עסען...

— הער מיין ווייב — טרייסט איהר גדליהו מיט אַ געמאַטערטען פרעהליכען טאָן — מיר האָבען אַ גאָט און ער ווייזט אונז זיין חסד אין די ערגסטע מינוט. זאָלסט גאָר ניט זאָרגען, דער זעלבער גאָט וועט אונז ניט פערלאָזען.

יודקע קומט אַריין מיט אַ געוויין:

— דער רבי האָט מיר מאָרגען ניט געהייסען קומען אין חדר, אויב איך וועל קיין געלד ברייננגען.

*   *
*

פאַרנאַכט. גדליהו געהט איצט פון מנחה. ווען ניט דער שמש ביי וועמען ער האָט געליהען עטליכע קאָפּיקעס, וואָלט ער גאָר פערגעסען אַז עס איז היינט חנוכה. שטייטש חנוכה! אַזאַ הייליגער און פרעהליכער יום־טוב! פאַר אַ יאָהרען אין דער צייט, איז שוין דער חנוכה לעמפּעל מיט אַכטאָג פריהער געהאַנגען אויף דער וואנד, ער האָט געבלאַסקעט ווי ריינע גאָלד, זרח בעל עגלה האָט געבראַכט פון שטאָדט "שמת זית", און היינט וואָס פיר איין אונטערשיעד!

ער לויפט מיט אַלע קרעפטען, דער פראָסט שמייסט פונקט אין פנים, נאָר וואָס אַארט דאס איהם. שטייטש חנוכה, נאָך ניט אָנגעגרייט בוים־עהל, קנייטלאָך.

— רחל, געה קויף פאר די פינף קאפיקעס בוים־עהל מיט קנייטלאך — בעט ער ארייגקומענדיג פערסאפעט.

— איך האב דאס טאקי אויף דיר געווארט זאלסט קומען, און... יע, איך האב גערעכענט עפעס וואס אויסקאכען היינט אבענד. ביזט דאך אבגעקומען א גאנצען טאג און דאס הארץ איז מיר אויך פערבאקען, נאר... בוים־עהל מוז מען קויפען, חנוכה... גאט זאל עפעס מיט אונז אויך נסים טהאן...

— אך חנוכה! חנוכה! שרייט יודעלע אויס — טאטע, גיעב מיר חנוכה געלד. היינט וועלען אויך קומען געסט, וועסט פרעגלען בלינצעס? א, באלד וועל איך האבען א סך חנוכה געלד!

די עלטערן רייסט דאס הארץ פון קינד'ס ווערטער, זיי עראי־נערן זיך... רחל מאכט זיך ניט הערענדיג און געהט ארויס.

גדליהו גרייט צו דעם לעמפעל. רחל קומט אריין, גיעט איבער גדליהו'ן די בוים־עהל און קנייטלאך און זאגט: "גאט איז דאך א בארמהערציגער, ער ווייס דאך אונזערע ליידען, אונזערע צרות און פיין, פון אונזערע לעצטע... האבען מיר..."

— חנוכה געלד, טאטע! — שרייט יודעלע.

גדליהו האט שוין פערפערטיגט דעם לעמפעל, אבגעריבען די שימעל, ער עפענט דעם דעקעל די בוים־עהל ארייגצוגיסען און... וואס איז דאס? א שאט מיט א קלונג צוזאמען האט אויף'ן טיש געטהאן. געלד! געלד! וואס איז דאס?

גדליהו מיט רחל'ען קוקען זיך אן מיט פערוואונדערונג: "ווי קומט אהער געלד זילבער און גאנצע בערג צוויי רובעל? עפעס אן אונערוואַרטעטער נס"!

— אה, איך וויים, איך וויים — דערמאהנט זיך רחל — איך האב עס פאראיאהרען בעהאלטען פאר דעם ארץ ישראל משולח.

גדליהו גיט יודעלען א מטבע, צינדט אן דעם שמש און פאנגט אן "ברוך אתה..." און שטעלט זיך אפ. אין די מינוט קומט איהם פאר יענע גוטע צייט, ווען אלע קינדער האבען זיך געשטעלט ארום ווען ער האט געבענטשט חנוכה ליכט.

ער פאַנגט אָן זאָגען די ברכה, אַלע קינדער פערשווינדען, רחל בויגט זיך אָן דער זייט און רייבט די אויגען, נאָר ער שטאַרקט זיך, און ענדיגט די ברכות; רחל און יודינקע ענטפערן "אָמן".

— יודינקע — ווענדעט ער זיך צום קינד — זינג דעם על הנסים וואָס די קינדער האָבען פאַראיאהרען געזונגען.

יודינקע פאַנגט אָן זינגען מיט אַ ציטריגע קינדערשע שטי־מעלע. און ווי עס קומט ביי די ווערטער "בימים ההם ובזמן הזה", וואו די קינדער פלעגען אַלע מיט אַמאָהל אַ פרעהליכען מאַרש אויסזינגען, ברעכט אוים גדליהו מיט אַ געוויין און רחל נאָך איהם. דאס קינד דערשרעקט זיך און נעהמט אויך וויינען, און אַ קלאָגע־דיגע קאפעליע פון פערשיעדענע שטימען ווערט פול אין דעם קליינעם שטיבעל.



# דער משולח.

מיט א פולען בויך, מיט א גראָבען שטעקען, וואַנדערט ר׳ איצל דער ארץ־ישראל משולח פון הויז צו הויז, בעגלייטעט פון דעם שטאָדט שמש, וועלכער טראָגט מיט די פעלענע בייטעל.

ר׳ איצל איז א מענש אָן גאל. ער רעדט אימער שטיל, זיין פנים שיינט שטענדיג מיט א צופריעדענהייט. אָבער דאַן ווען ער טהוט מיט׳ן העמערעל א קלאַפּ אין פושקע, און די פושקע במחילה באַרבעט אונטער, ווערט זיין פנים מיט א מרה שחורה בעדעקט...

דער בעל הבית ווערט פערשעהמט, די בעל הבית׳טע, א גאַטס־פאַרכטיגע אידענע ווערט דערשראָקען. אַט אָט דאַכט זיך איהר רעדט ר׳ איצל ארויס איין וואָרט און די שטוב קעהרט זיך איבער... ר׳ איצל קוקט עפּעס אויס פערטראָגען. זי פערגעסט אָן מאָרגענדי־גען טאָג לעבען, קלייבט צוזאמען אין קעשענע די לעצטע וואָס זי פערמאָגט, און גיעט דאס אָב מיט הכנעה.

ר׳ איצל נעהמט דאס צו מיט א רחמנות פנים אזוי ווי דאס הארץ וואָלט אין איהם קלאָגען, אויף די אידישע גראָשענס וואָס ווערען פערפאלען אין דער פעלענער בייטעל...

פאר זיין ארויסגעהן, ווינשט ער „א גוטען טאָג“ מיט א דור־צענד ברכות. די בעל הבית׳טע ווערט מונטערער, זי קריגט נאָך ערגעץ א פּאָאר גראָשען, און באלד הערט זיך א בארזזז... אין פושקע אריין.

— פון היינט אָן — זאָגט זי מיט א נדר־ניגון — וועל איך היטען אלע טאָג די פושקע. איך וועל די קינדער קיין בייגעל ניט קויפען, פון ברויט קען מען אויך ניט שטארבען.

ווען ר׳ איצל געהט דורך די גאַנצע שטאָדט, דאַן לאָזט ער זיך ארויס איבער די שטעדטלאך און דערפער, וואו אלע קענען איהם. דאָ געהט ער שוין ניט מעהר, דאָ פאָהרט ער מיט א פּאָאר אָבגע־קאָרמעטע פערד. דעם שמש׳ס אינגערער זוהן איז דער אָנטריי־

בער, און קיינער האלט איהם ניט חלילה, פאר א פראסטען בעל־עגלה. ער פאהרט דאך עפעס מיט ר׳ איצלען. אמת, פערד זיינען זיי, אבער זיי געהען דאך אין א דבר מצוה...

ביי יעדען ישוב׳ניק, איז פאר איהם אנגעגרייט א וועטשערע מיט א בעזונדערען צימער. אין שטוב איז יום־טוב׳דיג לכבוד איהם; דער רבי איז דא! דער ישוב׳ניק טהוט אן די שבת׳דיגע קאפאטע עטוואס איינגעשמוצט פון א קעלבעל... און די ווייב — איהר קארטונענע קלייד. אויך די דארפישע פויערים זיינען בע־קאנט מיט איצל׳ס פנים. מיט רעספעקט קומען זיי אריין, בייגען זיך טיעף צו דער ערד, און איצל ענטפערט זיי מיט א האלב אונ־צופריעדענעם שמייכעל, ווי ער וואלט זאגען: ״איך לאך מיך אויס פון אייער הילצערנעם גאט״.

ר׳ איצל בעקומט א דאפעלטע נדבה פאר ארץ ישראל, ער זאל די ארבעה בנים פערהערען. ער זאגט, זיי זאגען נאך, טאטע־מאמע קלייבען נחת. איצל גיעט זיי גוטע האפנונגען...

— מיינע קינדער וועלען אויך זיין ראבינעס — זאגט די מאמע צו די ביישטעהענדע מוזשיקעס.

— דאי באך! — ענטפערען זיי אלע מיט א׳ן ערנסטען פנים.

ערשט ערב שבת קומט איצל פון זיין רייזע. שבת אבענד מאכט מען דעם סך־הכל. אלע קינדער זעצען זיך ארום טיש, אונ־טער די השגחה פון זיין אשה. חיים׳קע צעהלט די קופער, וועלפקע די זילבער, יודקע די ״קליין מינטץ״ ווי איצל רופט דאס. ענדליך פאנגט זיך אן די צוזאמענלייגענעס. די אשה וויקעלט אין פא־פיערלאך, מיט א פרומען פנים, זי האלט דאס מיט ציטערענדע הענד. א קלייניגקייט ארץ ישראל געלד! אי, אי, איז זי מקנא די מטבעות, זיי וועלען דאך קומען אהין, וואו אלע אבות און אלע אמהות רוהען!



# ער איז פריי.

זונדעל דער מלמד איז געווען אָנגעטהאָן אין א טלית, און א פּאָליציייסקי האָט איהם געפיהרט צום פּריסטאוו.

דיא גאַס איז געווען בעדעקט מיט מענשען. גרויס און קליין, קינד און קייט, זיינען נאָכגעלאָפען.

— וועה איז מיר, זונדעל אין גוי'אישקע הענד — האָט איין אידענע געשריען — פאַר וואָס, פאַר ווען ?

— דאס איז עפּעס ניט קיין גלאַטע מעשה — האָט א צווייטע געענטפערט.

— פרעגט דעם פּאָליציייסקי, פאַר וואָס ער האָט זונדלען אַרע־טירט ! — שרייט איינער.

— פרעגט איהם, פרעגט — ענטפערט א צווייטער, און דער פּאָליציייסקי פיהרט זונדלען אַלץ ווייטער, אַלץ נעהענטער צום פּריסטאוו'ס קאַנצעלאריא.

— איך וויים, איך וויים, — מאַכט מיט דיא הענד הענאָך דער גארבער — איך האָב אַליין געזעהן ווי זונדעל איז געזעסען אין טלית און געזאָגט מעמדות אין דער שוסטערשער קלויז, איז דער ערל אַריינגעקומען און געזאגט "פּאידאָם!"

— אָבער פאַר וואָס ? — פרעגען אַלע.

— איך... איך וויים ניט.

— איך רעכען אַז מען האָט זונדלען גע'מסר'ט אין "אויס־בערוועטש" — שרייט נאָך שכנא דער הינקערדיגער.

— פרעגט אייך אַלעמען בחרם, איך פערשטעה וואָס דאָ טהוט זיך, איך האָב מורא צו זאָגען אַז זונדעל איז שוין אַן אויס־געקאָכטער, מען וועט איהם אודאי פערשיקען אין סיביר. מיט דיא רייד לויפט יאָסעל דער קצב, פון איין ברעג גאַס צו דער צוויי־טער און מאַכט נייגעריג אַלע נאָכגעהענדע.

— וואָס, פאַר וואָס ? — זאָגט ר' יאָסעל — גאָט איז מיט

אייך, אפשר קען מען נאָך וואָס טהון איידער מען ברענגט איהם אין קאָנצעלאריע ! — שרייען אלע.

— איך רעכען — זאָגט יאָסעל — אז דער מיניסטער האָט זיך דערוואוסט אז זונדעל מאכט שמעק טאַבאַק אָהן אקציז.

— לויפט ווער רופען תנחום דעם שרייבער, ער קען דעם יונישען לשון, אפשר וועט ער איהם ארויסראַטעווען פון גוי'אישקע הענד.

—טאקע, טאקע, לויפט !

— זאָגט אָן זונדעל'ס ווייב אז איהר מאַן איז אין קייטען !

— זי וויים שוין, נאָר זי האָט פון שרעק גע'חלש'ט און ליעגט אין בעט טויט קראַנק !

די און נאָך געשרייען האָבען געפּילדערט און געליאַרעמט ביז דער פּאָליציייסקי האָט זונדלען געבראַכט צום פּריסטאַוו'ס קאָנצע־לאַריע. דער עולם איז געבליעבען שטיל, זונדעל איז געווען בלייך ווי א לייליאַך און געציטערט ווי א בלאַט.

— תנחום דער שרייבער קומט ! — האָט איינער אויסגעשריען.

— גוט, גוט ! — האָבען אלע מיט שמחה זיך א לאָז געטהאָן צו איהם אנטקעגען.

*    *

*

— ווי רופט מען דיך ? — האָט דער פּריסטאַוו געפרעגט זונדלען.

— זונדעל קלויזניק.

— וואָס האָסט איהם אהער געבראַכט איינגעוויקעלט אין די זשידאָווסקי טראַנטעס ? — פרעגט דער פּריסטאַוו דעם פּאָליציייסקי.

— וואשע וויסאָקאָ בלאַגאָראָדיא ! איהר האָט מיר בעפוילען איך זאָל איהם ברייננען ווי ער שטעהט און געהט, האָב איך אזוי געטהאָן.

— מיט וואָס בעשעפטיגסטו זיך ? — האָט דער פּריסטאַוו זונדלען געפרעגט.

— יאַ מלמד —

דער פּריסטאַוו האָט געשמייכעלט, ער האָט פאַרשטאַנען וואָס מלמד בעדייטעט.

— איז בּיי דיר אַן אַריינפאָהר־הויז, אַ קוואַרטיר ?

זונדעל האָט פיעל רעדען ניט געקענט און תנחום דער שרייבּער האָט זיך אַריינגעמישט.

— גאָספּאָדין פּריסטאַוו, בּיי איהם איז קיין אַריינפאָהר־הויז, קיין קוואַרטיר. ער האַלט נאָר אָרעמע לייט אויף נאַכט־לעגער אָהנע געצאָהלט.

— זעהר שעהן, זיינען בּיי איהם געוועזן דיעזע וואָך צוויי שלעפּער ?

זונדעל האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— האָסטו זיי געפרעגט אַ פּאַספּאָרט ווען דו האָסט זיי ערלויבּט שלאָפען אין הויז ?

זונדעל האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. וואָך איין, וואָך אויס, זיינען בּיי איהם געשלאָפען צעהנדליגע אָרימע לייט און ער האָט פון אַזעלכע זאַכען גאָר ניט געוואוסט.

— הער נאָר אויס — האָט דער פּריסטאַוו געזאָגט מיט אַ בּייזען טאָן — איצט פאַרשטעה איך, אַז בּיי דיר איז אַ נעסט פון רויבּער מיט גנבים. מען האָט פון יודקע דעם איזוואָשציק היינט בּיי נאַכט גע'גנב'עט אַ פערד, עס איז דאָ בּעווייזע, אַז צוויי שנאָרער וועלכע דו האָסט געהאַלטען אין דיין הויז, זיינען מיט'ן פערד געלאָפען איבּער די קליינע וועגען בּיים בּרייטען גאַסטינעץ, איצט מוזטו בּאַלד זאָגען ווער די צוויי גנבים זיינען, זייער נאָמען, און פון וואַנען זיי קומען, ווען ניט, איז אַ בּעוויז, אַז דו האָסט זיי געהאָלפען אין די גנבה.

זונדעל האָט געוואָלט דעם פּריסטאַוו ערקלעהרען אַז ער ווייס ניט פון וואָס צו זאָגען; ער האָט אָבּער ניט געוואוסט ווי צו ריידען און געוואָרפען אַ תחנונים־בּליק אויף תנחום דעם שרייבּער.

דער לעצטער האָט אָנגעפאַנגען ריידען נאָך דער פּריסטאַוו האָט צו זונדלען אויסגעשריען מיט גרויס צאָרן :

— זאָגסטו ווער די גנבים זיינען ?

זונדעל האָט געשוויעגען און זיינע הענד און פיס האָבען געציטערט.

— בינדט איהם די הענד, און אָטפּראוועט איהם גלייך מיט'ן עטאַפּ אין אויעזד — האָט דער פּריסטאַוו בעפוילען די פּאָליציייסקי.

די אַלע וואָס זיינען אין דרויסען געשטאַנען און געוואַרט צו הערען פאַר וואָס מען האָט דעם עהרליכען זונדלען פּלוצלונג אַרעסטירט, זיינען דערציטערט געוואָרען זעהענדיג, ווי מען האָט איהם אַרויסגעפיהרט געבונדען די הענד ווי אַ ריכטיגען אַרעסטאַנט.

ווארום, און פאַר וואָס, האָט נאָך אַלץ קיינער ניט געוואוסט. זונדלען פרעגען האָט דער פּאָליצייסקי ניט צוגעלאָזען און תנחום שרייבער איז געבליבען אין קאָנצעלאַריע.

ס'איז געווען אַ לעבעדיגע לויה, נאָר די ווייבער, אויך מאַנכע מאַנסבילען, האָבען געקלאָגט ווי נאָך אַ בר־מנן זעהענדיג ווי זונדעל, אויף וועמען די שכינה רוהט ווען ער זיצט ביים טיש און זאָגט פאַר'ן עולם עין יעקב, איז בלייך ווי אַלע טויטע, און זיינע הענד זיינען געבונדען.

די עלטערע מענשען האָבען איהם בעגלייט ביז'ן בריק. אַנדערע איבערן בריק, און אַ גרויסע צאָהל, ביז'ן הויכען באַרג.

* *

*

ס'זיינען אַוועק זעכס חדשים.

דאס שטעדטעל האָט זיך דערוואוסט די אורזאַכע ווארום זונדעל איז נעבאַך אַריינגעפאַלען אין גוי'אישקע הענד און זיי האָבען זיך געלייגט אין דער לייננג און אין דער ברייט איהם צו בעפרייען. זיי האָבען געקליעבען חתימות, אַז זונדעל איז אַן אָרענטליכער מענש, זיי האָבען געקליעבען געלד, טאָמער וועט מען ערגעץ וואו דאַרפען "אונטערשמיערען" — מיט איין וואָרט שטאָדט האָט געטהאָן.

אַ פּאָאר בעלי הבתים וועלכע זיינען געווען אין אויעזד, אויך טאַקע צוליעב דעם, האָבען געבראַכט די נייעס אין שטעדטעל, אַז

עס איז זונדלען ניט צו דערקענען; ער מאַכט זיך אפילו מונטער, און זאָגט, אַז אַלץ איז פון גאָט און דער אַלמעכטיגער, איז אַ מתיר אסורים, אָבער ער איז אויסגעדאַרט, אויסגעמאָגערט, און הוסט ווי פון אַ פוסטע פאַס.

אַז יודקע דער איזוואָשטשיק איז געפאָהרען אין אויעזד צום משפט, האָט איהם דאַס גאַנצע שטעדטעל בעגלייט איבערן בריק, און איהם געוואונשען ער זאָל מיטבריינגען זונדלען מיט זיך.

יודקע האָט נאָר געענטפערט: הלואי רבונו של עולם!

*　*

*

אַ קינד אין וויעג איז ניט געבליעבען.

אַלע זיינען געשטאַנען ביים בריק. באַלד האָט געדאַרפט קו־מען יודעל דער איזוואָשטשיק, מיט זונדלען, אויך די צוויי בעלי הבתים וועלכע זיינען אונטערגעפאָהרען אפשר וועט מען וואָס דאַר־פען טהאָן.

— זיי פאָהרען! זיי פאָהרען! זיינען איינגלעך געלאָפען אנטקעגען אַנזאָגען; דער עולם האָט זיך געגעבען אַ ריהר פאָראויס.

די רעדער פון וואָגען האָבען געמאַכט אַ דיקען שטויב, און דער עולם האָט באַלד ניט בעמערקט פיעל פאַסאַזשירען עס זיצען אין וואָגען. ערשט ביים בריק האָבען זיי דערזעהן אַז זונדעל איז ניטאָ...

— שרעקט אייך ניט, זונדעל איז פריי — האָט אויסגערופען איינער פון די קומענדיגע בעלי הבתים.

— וואו איז ער, וואו! שרייען אַלע.

— ער איז פרייער פון אונז אַלעמען.

— וואָס? האַ אַ!!!

— ער איז... ער איז געשטאָרבען.



# דעם רב'ס איידים

נאַקעטע, באָרפוסע, אָבגעריסענע, פערדאַרטע און פערשקוואַר־טע אינגלעך, זיצען אַרום לאַנגען טיש, שטיל טרויעריג. ס'קלאַפּען זייערע הערצלאַך, דער רבי וועט אפילו קומען שפּעטער אָבער באַלד קומט דעם רב'ס איידעם זיי "פערהערען". ס'איז דאָנערשטאַג.

— חיים'קע! איאָ דו וועסט כאַפּען אין די "עתודים"—שרייט אוים אַ לעבעדיגער חברה מאַן, פון יענער זייט טיש — די גאַנצע וואָך האָסטו געהאָלפען די מאַמען שאָבען בולבעס, און אין תלמוד תורה ניט געקומען. וואַרט, וואַרט, דעם רב'ס איידעם, וועט דיר שוין געבען אַ ביטערן שמעק טאַבאַק; ער וועט דיר שוין שאָבען די זייטען.

— חברה שיסען אוים מיט אַ געלעכטער און ווערען באַלד צוריק שטיל. חיים'קע, אַ קליין געוואַקסען אינגעל דוקא מיט אַ רויט פּנים'על, קוקט אַריין אין חומש און ענטפערט ניט.

— עהע דער למדן האָט זיך צוגעכאַפּט — שרייט נאָך איינער — זעה חיים'קע בריה ניט אָב די צייהן, אַ שאָדען דיין שאַלאַמיי־זענען, פון אַ פּאָאַר שטוקעס אין זייט, וועסטו זיך במילא היינט ניט אויסדרעהען.

— ער געהט! ער געהט! — האָט איינער אויסגעשריען.

— וואו! וואו! כאַפּען זיך אַלע צום פענסטער דערשראָקען.

— חאַ, חאַ, איך האָב אייך אָנגעפייפט, דאָס געהט נאָר הירשע קוואָקצע.

— משה לייבקע, דו האָסט אונז אָבגענאַרט! מיר וועלען דיר שוין היינט מאַכען אַ טאַנץ פאַר נאַכט — האָט איינער געשריען מיט אַ פּאַנאָק אויף'ן נאָז.

— לאָמיר איהם געבען אַ נאָמען! — שרייט נאָך איינער — איידער לייבקע, וועלען מיר איהם בעסער רופען דרייבקע.

— טאַקע, טאַקע! משה דרייבקע! משה דרייבקע! שרייען אַלע.

— וואָס איז דאָ פּאר אַ געשריי יונגאצעס ! — האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקע שטימע. דעם רב'ס איידעם האָט זיך בעוויעזען. — איהר האָט עס אַזוי גוט געלערענט, ראַסטאַנטען, אַז ס'ליגט אייך אין זינען צו ברעכען די קאָפּ ? מיר וועלען עס באלד זעהן. טריפה'נע ביינער איך וועל אייך ממית'ען ! — האָט ער געליארמט.

די קינדער ציטערען ווי אַ בלאַט פאר'ן רעגען.

— אהער געה רויטער בורלאַק !

חיים'קע געהט צו נערוועז.

— נו, זאָג בורלאַק, זאָג מיט צייהנער, אַ רוח אין דיינע ביינער, זאָג !

און דער אינגעל פאנגט אָן מיט טויט שרעקעניש :

— וידבר און ער האָט גערעדט...

— ווער, האָט גערעדט ?

— גאָט האָט... גערעדט, אל צו, משה צו משה'ן, אחר דערנאָך, מות דער טויט...

— אַ טויט זאָל דיר כאַפּען, רויטער בורלאַק. נאַ, נאַ, נאַ, ד ע ר טויט זאָגט מען ? ד ע ם טויט זאָגט מען שגץ־איינער. געה אַוועק פון טיש.

חיים נעבאך, האַלטענדיג די באַק אין האַנד געהט אַוועק פון טיש, ער כליפּעט שטיל און טרעהרען פאַלען אויף דר'ערד...

— יאָסקע ממזר, אהער געה.

— אַן אָבגעריסענער אינגעל מיט באָרפיסע פיס געהט צו.

— זאָג !

— וואָ... וואָס... זאָל איך זאָגען ?

— וואָס לערנסטו, שגץ ! ?

— עברי.

— נאַ זאָג !

— אדון, עולם, אשר, מלך, בטרם, כל, יציר, נברא.

— ווּעמעס ביזטו שגץ ? — פרעגט דעם רב'ס איידעם מיט אַ ביטערן שמייכעל.

— שלמה יודע ציפּע פייגעס.

— אזוי, שלמה דעם פערד־הענדלער'ס ביזטו ? נו, זעהר שעהן, זאָג דיין מאַמען נאָך אַמאָהל, זי זאָל דיר ניט שיקען אין תלמוד תורה אָן אָנגעפּרעסענעם מיט ציבּעלע, דאָ איז ניט קיין חזיר שטאָהל, פּע פּאַסקודניקעס !

אַלע קינדער גיעבּען אַ גע'גנב'טען לאַך און יאָסקע פערשעהמט זיך.

דעם רב'ס איידעם שרייט ווידער צו אַ אינגעל פון מיטען טיש.

— דו קליינער פּיזיק, נאַקעטער פּופּיק, ווי רופט מען דיר דאָרטען ! צום שווארץ יאהר אַזוי פיעל ממזרים, אַז ס'איז זיי גאָר ניט איבּערצוצעהלען.

— פּייווקע, הייסט ער ! — שרייען אַלע.

— שווייגט ! שטומט !

— נו פּייוויציק, קום נאָר אַהער מיין טהייערער תכשיט — פּאַראַכטאָגען האָסטו געטויגט אין דר'ערד, איצט וועל איך זעהן אויב דו טויגסט אויף כּפּרות.

— זאָג !

דער אינגעל זאָגט אָב איינינע פּסוקים חומש און צוואוויינט זיך.

— וואָס וויינסטו ? דו זאָגסט דאָך גוט ! — בּורצעט דעם רב'ס איידעם בּרוגז'לאַך.

— הוי... אהו... איך האָב נאָך היינט ניט געגעסען.

— וואָס ! ? נאָך ניט געפּרעסען ! צו דיין קאָפּ, צו דיין לייב און לעבּען ! נאָך אַמאָהל זאָלסטו ניט וואגען קומען אַהער אַ הונ־געריגער, קראַנק בּיזטו אַריינגעהן אין אַ פּאַאר הייזער בּעטען אַ שטיקעל בּרויט, איידער דו געהסט אין חדר ? אַרויס ! געה אַהיים, געה !

יאָסקע וויינענדיג אויף'ן קול געהט אַרויס און די פּנים'לאַך פון אַלע קינדער ווערען פערצויגען מיט אַ פינסטערען טרויער.



# געקומען אויף שבת.

— געה אין שווארץ־יאָהרען, וואָס האָסטו זיך געשטעלט ? נאָ, נאָ ! שלעפּ איבער, אין דער ערד אריין ! נאָ, נאָ ! עס איז היינט ערב שבת ! אָ, נאָ !

דער פערד האָט זיך אַ ציה געטהאָן, אָבגעגאַנגען עטליכע טריט און איז וויעדער געבליעבען שטעהן.

משה חיים דער בעל עגלה האָט זיך אַ מינוט אָבגערוהט, נאָכ־ הער אַ פּאָך געטהון מיט זיין בייטש און האָט גענומען ווייטער טרייבען.

— דו יחסן איינער ! וואָס מאכסטו דאָ דיינע הינטערפּיס־ לאַך ! שוין צוויי קוואָרט האָבער אויפגעפרעסען. איך האָב אַ טרונק קאַלטע וואַסער אין מויל ניט גענומען. היי ! אופּצא ! העץ, העץ, נאָ ! פּאדלע ! אין שווארץ־יאָהרען ! עס איז ערב שבת, איך דארף נאָך היינט מיין חייקען צו דער חופה פיהרען, נאָ ! נאָ !

דער פערד ריהרט זיך פון אָרט ניט.

— אַ בייזער אומגליק אויף מיר איז געקומען, ניחיי וואָלט איך די יאַזדע ניט אונטערגענומען אין מקום, נו, וואָלט דער חתן צו די חופה ניט געגאַנגען אָהן דעם נייעם טלית וואָס איך פיהר איצט. אָבער עס מוז געהן, ביי מיר איז דאס ניט דאס ערשטע מאָהל. אָט וועל איך זעהן ווער איז שטאַרקער, איך צו מיין פערד... דער אומגליק איז אָבער, היינט איז אַזאַ נאַסער וועטער די רעדער קריי־ כען טיעף אין בלאָטע אריין, נאָר עס מוז געהן.

— נו, יחסן, ריהר זיך מאָך ניט דיינע רבנישע שטיק, האָפּצאַא!

אומזיסט איז משה חיים'ס געשרייען, דער פערד ריהרט זיך ניט פון אָרט. דער פאָדערשטער ראָד איז איינגעזונקען אין דער ערד.

משה חיים ווייס ניט וואָס צו טהאָן. ווארטען ביז יעמאַנד וועט אונטערפאָהרען, און איהם העלפען פון דער צרה ארויסקריי־ כען, וועט עס דויערן ביז ליכט בענטשען, די זוהן געהט שוין באלד

אונטער און ער האָט נאָך אַ שטיק וועג; צושניידען די שטריק און אַרונטערוואַרפען די קאַסטענס סחורה פון וואָגען איז פאַר איהם אויך שווער אליין.

אָבער דער געדאַנק ערשטענס אַז עס איז ערב שבת און צוויי־טענס אַז זיין חייקע דאַרף היינט צו דער חופה געהן, גיעט איהם מוטה און ער בעשליעסט זיך דאָס לעצטע צו טהאָן.

דער פערד מיט'ן וואָגען שטעהען שוין עטוואָס ווייטער, און משה חיים מאַטערט זיך מיט די לעצטע קרעפטען די שווערע קאַס־טענס צוריק אויף'ן וואָגען לייגען.

און די קאַסטענס ליגען צוריהרט אויף'ן וואָגען פערשנורעוועט מיט די שטריק. משה חיים זיצט אויף'ן פאַרענט ניט פיהלענדיג פון אַ גליעד, דער פערדעל שלעפט זיך לאַנגזאַם.

פּלוצלונג סטאָי!

ווידער דער פאָריגער אומגליק. דער ראָד האָט הפנים מיט'ן שטן געמאַכט איין האַנד. ביי משה חיים'ן בלייבט, ער וועט די סחורה לאָזען ליגען אויף'ן פעלד און פאָהרען אהיים ליידיג. אָבער וואָס וועט זאָגען קלמן דער קרעמער, זרח דער ווינער, זימל דער טאַנדעטניק. עס איז ניט זיינע. עס איז פרעמדע!

— איי יחסן מיינער, איצט וועסטו ביי מיר ניט פועלן. דער ראָד איז ניט אַזוי שטאַרק פערקראָכען — און משה חיים שטעלט אונטער זיין פּלייצע.

— נאָ! ווּפעראָד! היי נאָ! או או אוי הוי, אוי וועה מיין האַרץ! — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען ירוחם דער בעל עגלה האָט חיים משה'ן געבראַכט אין שטאָדט, איז נאָך געווען גאַנץ פריה פאַר ליכט בענטשען. מען האָט נאָך דערקאַזעט איהם צו ברייננגען אויף'ן בית עולם און אָב־טהאָן זיין רעכט. חתן כלה און מחותנים האָבען זיך געווישט די אויגען מיט ווייסע נאָז טיכלאָך, מיט וועלכע זיי האָבען זיך אויס־געפוצט צו דער חתונה.

# קשיות.

פסח ביי נאכט צום ערשטען סדר.

א לאנגער און טיעפער טהאל. ארום און ארום קעטלען זיך הויכע בערג בעקרוינט מיט קליינע בוימעלעך. מאיעסטעטיש שפאצירט די לבנה ארום אין דונקעל בלויען הימעל אוןווארפט א בלאסען שיין אויף׳ן קליינעם שטיבעל וואס שטעהט אין מיטען טהאל.

דער אייגענטהימער פון׳ם שטיבעל איז שמעריל דער שמיעד.

פאראיאהרען אין דער צייט, האט זיך געהערט דער ניגון פון הגדה מיט שמעריל׳ס שטארקע שטימע, וועלכע האט אפגעקלונגען אויף די שפיצען בערג. ווען באשע זיין פרוי האט געעפענט די טיהר פיר אליהו הנביא, האט א שטראם ליכט זיך פון דארט ארויס־געגאסען און אילומינירט דעם גאנצען טהאל. די פויגעלאך האבען מיט שרעק זיך פערשטעקט טיעף אין זייערע נעסטען. די בוימער האבען זיך צושאקעלט, די לבנה האט צוגעשמייכעלט, אלעס האט גערעדט און אלעס האט ווי מיטגעזונגען ״הללויה״.

איצט איז שטיל, שמעריל איז געשמיעדט אין קייטען און ליעגט ערגעץ אין א פינסטערען חדר פון דער גרויסער שטאדט־פעס־טונג. שוין באלד א יאהר וויא ער איז דארט. מען האט דעם קלויסטער בע׳גנב׳עט און דער חשד איז אויף איהם געפאלען, וויל מען האט דארט געפונען געצייג פון זיין קוזנע.

אומזיסט האט ער מיט טרעהרען אין די אויגען דערצעהלט אז מיט א נאכט פריהער האט מען זיין קוזנע אויפגעבראכען און די זעלבע גנבים האבען זיינע געצייג בענוצט דעם קלויסטער צו בערויבען. אומזיסט האבען אלע איינוואהנער פון שטעדטעל זיך געשטעלט פאר איהם, אז ער איז אן עהרליכער מענש; עס האט קיין זאך געהאלפען. מען האט איהם פעראורטהיילט אויף צעהן יאהר טורמע.

* *
*

אין שטיבעל איז ליכטיג געווארען.

נאך מיט עטליכע מינוטען צוריק האט זיך געהערט די שטימע פון באשען מיט איהרע אינגלאך פון יענער זייט בארג. זיי זיינען עס געקומען פון שטאדט. באשע האט געהאט זעהר פיעל צו טהאן. פריהער האט זי פערקויפט די היהנער, אייער, חריין און נאך קליי־ניגקייטען וואס זי האט בעקומען פון דארף פויערים, וועלכע האבען איהר געגעבען פון רחמנות וועגען און דערנאך האט זי אלץ איינ־געקויפט אויף יום טוב.

* *
*

דער טיש איז געגרייט מיט אלץ וואס נעטהיג איז צום סדר.

באשע שטארקט זיך צוליעב די קינדער. זי נעהמט ארויס פון אלמער דעם גראבען סדור, ברענגט עס צום טיש די קינדער זאלען זאגען די הגדה, און זי דערמאהנט זיך פאראיאהרען... טרעהרען שטיקען איהר האלז און זי געהט ארויס אין דרויסען און וויינט זיך גוט אוים און קומט צוריק אריין מיט א געמאטערטע פרעהליכע מינע.

דער עלטערער אינגעל זיצט זיין קאפ מיט די הענטעלאך אונ־טערגעשפארט און דער אינגערער האלט ביים איינשלאפען אויף'ן לאנגען באנק.

— קומט קינדערלאך, קומט — זאגט די מוטער — לאמיר אבריכטען דעם סדר.

די קינדער גיעבען זיך א כאפ און זעצען זיך ביין טיש.

— נו, זאגט קינדערלאך, זאגט אזוי ווי...

א פרישער קוואל טרעהרען פערפלייצט איהר געזיכט.

— נו, זאגט קינדער, זאגט — מאכט זי מיט מוטה — היינט טאהר מען ניט וויינען.

די קינדערווארפען בליקען דארט וואו דער פאטער איז אי־מער געזעסען, און פאנגען אן:

— קדש: אז מען קומט פון שוהל, מאכט מען קידוש!

די מוטער האלט קוים איין איהרע טרעהרען, זייערע שטימע־לעך צורייסען איהר הארץ אין שטיקלאך.

— מאמע! ווער זאל פרעגען די קשיות? — פרעגט דער עלטערער.

— דו! ציינט זי אן אויף'ן אינגערן, מיט א ציטערענדיגע האנד.

— מאמע! ווענען זאל איך פרעגען, דער טאטע איז דאך ניטא, — פרעגט דער אינגעל.

— פרעג מיין קינד, פרעג...

און די מוטער ברעכט אויס אין א געוויין.

דער נאך העכערער געוויין פון די קינדער, שטילט איהר איין אביסעל און זי דערמאהנט זיך אן דעם נדר, אז דעם סדר וועט זי אפריכטען ווי גאט האט געבאטען.

— פרעג מיין קינד, פרעג מיר. — ווענדעט זי זיך צום אינגעל.

— טאטע! ע... מאמע! איך וועל דיך פרעגען פיער קשיות:

"מה נשתנה הלילה הזה מכל הלילות!"



# גנבים.

אין מיהל, רוישט און קלאפט.

בערל לויפט ארום און ווייסט ניט וואס פריהער צו טהאן. דעם פריץ'ס קארן איז שוין באלד צו מאהלען, ער דארף אויפשיטען נייע, און ווייסט ניט וועמענס פריהער. שמחה דער מעהלער האט אנגעזאגט, אז באלד זאל מען זיינע אויפשיטען. ער איז א בעל הבית א נגיד, מען קען מיט איהם ניט איינרייסען. זלאטע די קאראבעלניצקע האט אבער אויך געבעטען רחמים איך זאל איהרע באלד אויפשיטען — טראכט בערל — זי ווארט אויף די מעהל מיט א הונגעריגען מאגען, נו גנה צורייס זיך וואס טהוט מען פריהער?

— בערל! — האט חיים'ציק דער בעל הבית פון מיהל דורך א קליין פענסטעריל ארייגעשריען — באלד ווי די פארטע קארן ענדיגט זיך בייטלען, זאלט איהר אומבייטען דעם שטיין און אויפשיטען ר' שמחה'ס.

— און זלאטעס? — פרעגט בערל קעהרענדיג מיט'ן בעזים פערשאטענע קערנער צום קאסטען.

— וואס הייסט? טהוט וואס מען הייסט אייך! נייע מעשיות, זלאטע שמאטע! זי דארף ברויט, וועט זי קויפען, פערגעס אויך ניט עס איז היינט ערב שבת, איך גנה איצט אין באד אריין. אז איך וועל קומען זאל איך געפינען פארטיגע זעק מעהל, אויף'ן וואגען צו לייגען.

חיים'ציק געהט אוועק און בערל זעצט זיך א ווייל ביים קאסטען. די קארן לאזען זיך ארונטער אלץ ניעדעריגער, ניעדעריגער און ער טראכט: ר' שמחה דארף די מעהל נעטהיג האבען, צו וואס? האט ער דען ווייניג אנגעבאקענע לאבענס ברויט? איך פערשטעה די מעשה, אז עס ווערט אלט, איז עס שפארעוודיגער און בעסער צו פערקויפען, אבער זלאטע איז דאך א אביון'טע, זי ווארט אויף

די ביסעל מעהל ווי אויף משיח'ן... אָבער וואָס קען איך טהאָן? אָט אַזוי הייסט מען, מוז איך.

— טראַך טררר טאַק טווזז האָט עס גענומען קלאַפּען. די קאָרן ענדיגט זיך, און נייע דאַרף באַלד ווערען אויפגעשאָטען.

בערל טראַכט אַ ווײַלע. ער שלאָגט זיך מיט דער דעה אפשר זאָל ער טאַקע אַמאָהל שטעלען אויף זיך און זלאַטעס אויפּשיטען? נור מיט ערגערניש, און פערדרום טהוט ער אַ שליידער ר' שמחה'ס זאַק קאָרן איף'ן מויל פון קאַסטען; דער זאַק ווערט אַזש צופּלאַצט.

— אַ רוח אין זייער הארצען אריין — שטורמט ער — אין שוהל ביים מזרח, אומעדום אויבען־אָן, אפילו אין מיהל אויך. געוואַלד, וואָס דאַרפען מיר קבצנים לעבען אויף דער וועלט! איינגעריכט ווי אַ ווייסער שד אַ גאַנצע וואָך, שווערע זעק בויגען מיך צו דער ערד, און צום סוף, האָב איך ניט בכח אַן אָרימע אידענע אַ שטיקעל טובה צו טהאָן. פע, איידער אַזאַ לעבען בעסער...

— ר' בערל, וואָס זיינט איהר עפּעס אין גרימצאָרן, עפּעס ניט געזונדליך?

שלום שכנא קומט אריין קלייבען די קאָפּיקע וואָכער פּאַר תלמוד תורה. בערל נעהמט אַ ריינעם זאַק לייגט אונטער אויף אַ פּולען, און ווענדעט זיך צו שלום שכנא:

— קומט זעצט זיך אַ ווײַלע, איהר קוקט דאָך עפּעס אריין אין די שוואַרצע פּינטלאַך, איך, לא עליכם, ווייסט איהר, איך בין אַ פּראָסטער שאַלעמייזע, דעם תהלים און געגנוג — איך האָב אייך געוואָלט פרעגען, אויב עס געפינט זיך ערגעץ וואו אַ דין אין די הייליגע ספרים אַז אַ רייכער און אַ אָרימער בריינגען מעהל צו מאָהלען, וועמענס דאַרפען פריהער?

— עפּעס, עפּעס עס דאַרף ערגעץ שטעהן עפּעס מכח דעם ענין; איהר וועט שבת צו מיר אריינקומען וועל איך דאָרט אריינ־קוקען; — האָט איהר אַ קאָפּיקע?

שלום שכנא בעקומט אַ קאָפּיקע, פערשרייבט עס, זאָגט מיט אַ ניגון אַ גוטען שבת, און געהט ארויס.

נאָך איהם קומט אריין זלאַטע. אַ הויכע מאָגערע אידענע אין מיטעלע יאהרען, דאס פּנים געל, די אויגען טיעף אין קאָפּ.

— אַ גוטעצקער מאָרגען אייך בערל! אודאי מיינע מאַהלט זיך יעצט? איך האָב קוים אויסגעווייגט ביי יאָסעל טאַנדעטניק זיין ווענעלע, די מעהל אין שטאָדט ארויפצופיהרען. זאָגט מיר ר׳ בערעניו, וועל איך נאָך לאַנג דארפען ווארטען אויף דעם?

בערל האַלט דאס קאָפּ אריינגעטהון אין קאַסטען, און ענט־פערט ניט.

— אזוי ר׳ בערל, איהר זיינט שוין אויך געוואָרען גדול׳דיג? אייך פּאַסט שוין גאָר ניט ענטפערן — זאָגט זי מיט אַ טרויעריגען שמייכעל.

— איך האָב אייך ניט וואָס צו ענטפערן. אייער זאַק קאָרן שטעהט נאָך אין גאַנצען, זונטאג אפשר וועט מען עס פּאַרטיג מאַ־כען. גלויבט מיר מיין שולד איז עס ניט — זאָגט ער ווייטער און קוקט איהר אַריין אין געזיכט — איהר ווייסט איך בין נור אַ שכר יום.

— אָבער איך האָב דאָך ניט אַ ביסען ברויט אין שטוּב.

— דער זאַטער גלויבט אָבער ניט דעם הונגעריגען.

— וואָס־זשע זאָל איך טהון?

— איהר וועט דאָך סיי ווי סיי ניט דאקאזשען צו באַקען, עס איז באַלד שבת!

— אַ פּאָאר קאָרענע קיכלאָך וועל איך נאָך קענען ביז נאַכט אויסבאַקען.

בערל טראַכט אַ פּאָאר מינוטען און זאָגט:

— זלאַטע! איהר זאָלט קיינעם פון דעם ניט זאָגען, איך וועל פון יענעם זאַק, וואָס שטעהט וואו די רעדער דרעהען זיך, ארויסנעהמען אַ פּאָאר פונט מעהל; איך וועל דערנאָך פון אייער אָבשיטען; ווילט איהר?

— פאַר וואָס ניט, קען איך מיר דען אנדערש העלפען?

זלאַטע האַלט דעם זעקעל און בערל שיט אהין מיט די הענד.

— בערל, וואו זיינט איהר? — האָט זיך פּלוצלונג דערהערט חיים׳ציק׳ם קול.

ביידע זיינען דערציטערט געוואָרען.

— בערל, וואו זייט איהר פערפאלען געוואָרען! א נס וואָס מען האָט היינט די באָד ניט געהייצט בין איך צוריק געקומען און קען זעהן ווי איהר היט עס די מיהל. בערל וואו זיינט איהר?

חיים דערזעהט ביידען שטעהן ביין זאק און טהוט זיך א וואָרף ווי א בייזער וואָלף.

— וואָס זעה איך, גנבים! מען גנב'עט מעהל!...

בערל פערליערט זיין אָטהעם, נור זלאטע שטארקט זיך און מורמעלט:

— ר' חיים!...

— שוייג חצופה, רעד ניט א וואָרט! — דונערט חיים'ציק — דיין טריפה'נעם פנים זאָל איך דאָ מעהר ניט אָנקוקען און דו בערל געה אהיים; גנבים דארף איך דאָ ניט. אנטאָן דער פויער וועט אויך קענען דיין מלאכה. גנב, ארויס פון דאנען!

* *

*

די בלאָטע איז טיעף, לעהמיג. זלאטע פיהרט דעם ליידיגען וועגעלע ארויף בארג, דאס קאָפ צו דער ערד געבויגען, און בערל שטופט אונטער.

ביידע זיפצען שטיל...



# מלביש ערומים.

יאהרען לאנג האבען די בעלי־עגלות פון דעם שטעדטעל טא־לאלייפיצקי, געפיהרט א שעהן לעבען.

צייט אבער א ווארשאווער קאמפאניע האט דורך'ן שטעדטעל דורכגעפיהרט א ליניע אייזענבאהן, האבען זיי די גאנצע פרנסה פערלארען.

ס'איז אויסגעקומען די בעלי־עגלות צו שטארבען פון הונגער מיט די פערד צוזאמען.

מאנכע פון זיי האבען נאך אמאהל געכאפט אן "אט־פראווקע" צום באהן, פון באהן און פון דעם געצויגען א שטיקעל חיונה. ירוחם דער בעל עגלה האט אבער דאס אויך ניט געהאט. זיין צייט האט ער פערבראכט אין שיינק, וואו ער האט צייטענווייז געכאפט א שנעפסעל און מיט דעם אלע דאגות פערטריעבען.

דעם כוס פון ביטערניש האט אבער זיין ווייב שרה גנעסיע, געטרונקען . . .

חיים וועלפקען אין וויעגעלע האט זי נאך ווי עס איז פערשטאפט דעם העלזעל מיט איהר דארע אויסגעצויגענע בריסט, אבער איהר צעהן יעהריגער שמואל'קע איז געקומען אלע פריהמארגען פון דאווענען מיט גאנצע טענות, פאר וואס איז דוד'קע דער מלוה'טעם געקומען אין קלויז מיט א שטיק פוטער־ברויט? פאר וואס האט משה'קע, חיים דעם קרעמער'ס געבראכט גאנצע דריי בייגעל און דערצו נאך א שטיק האניג־לעקאך? און זעהר אפט פלעגט ער צוגעבען: "סטייטש מאמע, איך דאווען דאך א סך בעסער פון זיי!"

אנפאנגס פלעגט זי איהם געבען צו פערשטעהן, אז די "טשי־גונקע" האט עס געמאכט, אז די "טשיגונקע" האט זייער פרנסה גערויבט. ווען ער האט אבער ווידער גענומען פרעגען מיט קינ־דערשע נייגעריגקייט: "יע מאמע, די "טשיגונקע", אבער גאט איז דאך א גוטער?" פלעגט זי איהם ענטפערען:

— מיר זיינען זינדיגע!

דאן איז ער געבליבען שטיל און אין זיין קינדערשען קעפעל האבען זיך געשפארט די געדאנקען: וואָרום זינדיגט ער מעהר פון אלע אנדערע אינגלאך וואס ווילען אפילו ניט א העלפט אזוי דאווענען ווי ער?

*　　*
*

אויף'ן ווינטערדיגען זמן איז שוין שמואל'קע צו קיין מלמד ניט געגאנגען; מען האט איהם אבגעגעבען אין תלמוד תורה.

אין דעם פריהמארגען, ווען ירוחם האט דעם אינגעל אהין אוועקגעפיהרט, האט שרה גנעסיע ביטער געוויינט. דאס פייפען פון דער "משיגונקע" האט פון איהרע אויגען יעדעס מאהל א נייעם קוואל טרעהרען ארויסגעצויגען...

— מאמע, — איז דער אינגעל דעם ערשטען טאג אריינגעפאלען אין שטוב מיט א שמחה, קומענדיג פון תלמוד תורה — איך וועל שוין האבען נייע שטיוועלעך!

— וואס רעדסטו מיין קינד? — האט זי איהם פערוואונדערט געפרעגט, און בשעת מעשה א טרויעריגען בליק געטהאן אויף זיינע פיסעלאך, אויף וועלכע עס האבען זיך קוים געהאלטען די צוריסענע שיכעלאך.

— דער רבי האט געזאגט, אז יאסעל, דער גבאי פון "מלביש ערומים" וועט אלע תלמוד תורה קינדער בעקליידען אויב מיר זאלען נור וועלען לעהרנען.

*　　*
*

שוין דריי מאהל ווי שרה גנעסיע איז צוגעגאנגען צו יאסעלע'ס הויז, און זי קעהרט זיך אלע צוריק. די קליאמקע פון טיהר ברענט אין איהרע הענד ווי א שטיק פייער.

— ארימקייט איז קיין שאנדע ניט — טראכט זי ביי זיך — און אז שמואל'קע וועט געהן בארפוס און נאקעט וועט מיר בעסער זיין? אז ער וועט א גאנצען טאג ליעגען אין שטוב און ניט געהן אין תלמוד תורה — וועט עס זיין פאר מיר א גרויס נחת? יאסעל

ווייס אַז איך בין ניט קיין געבאָרענע שנאָרערקע; איך בעט ניט פאַר זיך, מיך אַארט ניט וואָס איך גיי נאַקעט און באָרוועס, פאַר מיין קינד בעט איך עס. פאַר מיין קינד וואָס גייט לערנען גאָט'ס תורה.

יאָסעל איז געזעסן אויפ'ן טאַפּטשאַן אָהן אַ בגד מיט אַ רויטהען קאַפּטאַן און האָט זיך געשפּילט מיט אַ קייקעלע ברויט צווישען די פינגער.

— וואָס גוטס ? — האָט ער איהר מקבל פּנים געווען.

— מיין... מיין... איינגעל געהט אין תלמוד תורה — האָט זי שטאַמלענדיג קוים אויסגערעדט.

— נו, טאָ איז וואָס ? — האָט ער איהר געפרעגט מיט אַ גמרא ניגון.

— ער געהט נאָ... נאַקעט — האָט זי ציטערענדיג געזאָגט.

ווען יאָסעל איז קוים מיט צרות אויפגעשטאַנען ניט זאָגענדיג אַ וואָרט, און איז אַריין אין צימער וואו עס זיינען געלעגען די זאַכען פון "מלביש ערומים", האָט שרה גנעסיע דערפיהלט אַזוי ווי גליהענדע שפּיזען וואָלטען איהר האַרץ געלעכערט, און שטיקער פייער פאַלען פון די לופטען און טרעפען איהר קאָפּ.

אין דער מינוט איז יאָסעל אַרויסגעקומען קאַלטבלוטיג, דעם שטערן אַביסעל פערקנייטשט, און האָט איהר דערלאַנגט אַ — טלית-קטן . . .



# אין קעסל גאַרדען.

די קליינע שיפעל האָט די אַלע פּאַסאַזשירען ארונטערגענומען פון דער גרויסער שיף און זיי געבראַכט אין קעסל גארדען.

די הויז איז פול מיט מענשען, געזיכטער פרעהליכע, טרויעריגע, נייגעריגע. פון אַלע זייטען קלינגען — מיין ברודער, מיין שוועס־טער, מיין טרויסט, מיין פריינד, וואָס מאַכט דער טאַטע, וואָס מאַכט די מאַמע, ווי איז דיר געגאַנגען די רייזע און עהנליכעס.

דער שטורם איז אריבער. די אַלע פּאַסאַזשירען זיינען צו־גענומען געוואָרען פון ברידער, שוועסטער, פריינד און בעקאַנטע.

דאָרט אין אַ ווינקעל, זיצט אַ מאַן אין מיטעלע יאָהרען, דעם קאָפּ ארונטערגעלאָזען, די הענד צוזאַמענגעלייגט אין די אַרבעל, און איז פערזונקען אין פינסטערע געדאַנקען... ביי יעדען רויש פון אַ טריט, הויבט ער אויף זיין קאָפּ, און דאַן קען מען בעטראַכטען זיין טרויעריגע געזיכט, זיינע אויגען וועלכע בלאַסקען ווי אַ ליכטעל וועלכע האַלט ביים אויסגעהן...

„אַלזאָ וועט מען מיך שיקען צוריק אַהיים — רעדט ער צו זיך — אַהיים... וואו איז מיין היים? — אָבער מיין צירעלע, מיין אַלטע מוטער, מיינע צוויי קינדערלאַך, צוליעב זיי בין איך געלאָפען זוכען אַ נייע היים, צוליעב זיי וועל איך מוזען דורכהאַקען די שטאַרקסטע וואַנד... אָבער מען לאָזט ניט. אַך, ווען די בעאַמטע וואָלטען קענען דורכלעזען וואָס אויף מיין הארץ איז? איך האָב פערקויפט דאס לעצטע קישעלע, דעם לעצטען פּאָדעם פון הויז. אָה, גאָט, צו געהן זוכען ברויט, און איצט צוריק אַהיים...

„איי, דשאַהן, קאם אָן!“ — האָט דער דשעניטאָר אויסגע־שריען, האַלטענדיג די ברום אין האַנד און דער גרינער האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן ווי פון שלאָף.

ער געהט צו דער צווייטער זייט, וואו עס ציהט זיך צום ארויס־גאַנג. טויזענדער מענשען שוועבען פאר זיינע אויגען, מ'לויפט,

מ׳יאָגט זיך, מ׳שטופּט זיך, קאַרס איינע נאָך די צווייטע פאָהרען כסדר. מיט איין וואָרט, עס לעבּט. און דאס אַלעס מאַכט איהם נאָך מעהר אויפגערעגט. איהם דאַכט זיך, אַז ער איז דער איינער אַרעסטאַנט אויף דער וועלט. איהם דאַכט זיך, דאס דיא גרינע, וועלכע זיינען נעכטען אַרונטער, פאָהרען עס דאָרטען אויף די קאַרס, אויף די פוהרען, זיי שמידען גאָלד און שיקען אַ סך אַהיים, זייערע פרויען און קינדער זיינען זאַט און ער איינער איז דאָ פער־שפּאַרט.

די פיס זיינען איהם שוואַך. ער זעצט זיך אַנידער. עס קומט איהם פאָר אין די גערדאַנקען זיין ערשטער יאָהר נאָך דער חתונה. דער גרויסער זאַאַל וואו אַלע פריינד פלעגען זיך צוזאַמענקלייבּען יעדען שבת אבענד שפּיעלען אין שאַך, זיין צירעלע האָט געשיינט, ווי אַ בלום... אָט גיעסט זי אָן פיר יעדען אַ גלאָז טהעע, דער רויך פון סאַמאָוואר הילט איין איהר געזיכט, און זי קוקט אויס ווי אַ מלאך דורך׳ן וואָלקען. באַלד געהט אַוועק דער רויך, און אין איהר געזיכט צייגט זיך אַ רויטהע פאַרבּ. זי קוקט אויף איהם און שמיי־בעלט. ער פיהלט איהר האַנד אין זיינע, און עס גיעסט זיך אַ פרייד, אַ זיסקייט איבער׳ן האַרצען. ״מיר וועלען דאָך אויף איי־ביג אַזוי בּלייבּען״ — זאָגט זי און ער ענטפערט: ״נאַרעלע וואָס פרעגסט דו?״

און עס קומט איהם פאָר די נאַכט פון איהר קינפּעט, ווי ער איז געווען פערצווייפעלט... זיין גאַנצער פערמעגען איז אַוועק, זי איז אָבער געבּליעבּען לעבּען...

״לאַנדסמאַן, קומט שלאָפען, דער אָפיס ווערט פערמאַכט, עס עס איז שוין דער צווייטער טאָג, און קיינער קומט צו אייך ניט. מאָרגען פריה נעהמט אייך די זעלבּע שיף צוריק נאָך יוראָפּ״.

דער דיענער האָט איהם אַרויסגעפיהרט.

* *

*

די שיף פּייפט מיט אַ יאָמערדיגען קול, און רייסט זיך מיט געוואַלד, ווייטער און ווייטער, אַהין וואו דער הימעל טונקט זיך אין וואַסער.

ער שטעהט און בליקט ארום זיך. זיין געזיכט איז בלייך אויסגעמאטערט, פון א גאנצע נאכט טראכטען און וויינען. זיינע האאר זיינען אהן א סדר. די אויגען משונה ווילד ווארפען זיך אין אלע זייטען און בליקען... די גרויסע שיפען און שיפלעך ווערען אלץ וויניגער, שיטערער. די הויכע געביידען אלץ קלענער און אט ווע־רען זיי אין גאנצען פערשוואונדען... הימעל און וואסער, און פון אויבען לויפען וואלקענס. זיי לויפען און שטופען זיך פאראויס די שיף, און זיינע אויגען בליקען אראפ צום וואסער...

— צוריק אהיים, צוריק אהיים — מורמעלט ער שטיל.

"איזששששזא" ענטפערט דער וואסער ביז פערביילויפענדיג מיט א פערשוימטע מויל... און ער קוקט נאך אהין וואו די מויל ווערט פערשוואונדען...

ער הויבט אויף די אויגען פון וואסער, אויף'ן דעק איז קיינער ניטא, דער שטייערמאן אליין שטעהט אויבען און רעגיערט די שיף.

דער "גרינער" מאכט פלוצלונג א שטארקע בעוועגונג, די אויגען ווערען איהם נאך פייערדיגער. ער לויפט ארום איבער'ן דעק הין און צוריק, טהוט זיך א פעסטען קלאפ אין הארצען, און בלייבט ווידער שטעהן...

ער קומט און זוכט אין וואסער...

"צוריק אהיים, צוריק אהיים", רעדט ער ווידער און אלץ טיעפער קוקט ער אין דער פינסטערער טיעפענעס...

"איזשושושואיז" שווימט עס, לאכט און עס טאנצט פערביי די שיף.

לאנגזאם הויבט ער אויף נאך אמאהל די אויגען און בעטראכט אלעם דייטליך אויף'ן שיף. די וואלקענדלעך לויפען און יאגען זיך

אריין אין די גרויסע שווארצע וואָלקענס, און פערשטעלען די שטראהלען פון דער זונן. זיין גאַנצער קערפּער טהוט אַ טרייסעל.

״גאָט, זיי מיר מוחל!״ זאָגט ער שטיל, און טהוט זיך אַ לאָז.

ציי־עלע, מיינע קינ...

דער וואסער האָט איבערגעריסען זיין לעצטען וואָרט, און האָט איהם פערשטיקט אין זיך.

*　　*

*

און די וואָלקענדלעך לויפען און יאָגען זיך אריין אין די שווארצע וואָלקענס און די שיף געהט וואָס ווייטער און ווייטער...



# "גאָט" אליין העלפט אויך ניט.

אין ווינדאָו, איז געווען א זאמלונג פון פערשיעדענע נאטור־בילדער. איך בין געשטאנען און זיי בעוואונדערט ביז איך האָב דערפיהלט ווי יעמאנד האָט מיך ביין ארבעל א ציה געטהאָן.

אומדרעהענדיג זיך האָב איך דערזעהן נעבען מיר שטעהן א פעדלער. זיין קערפער איז געווען בעהאנגען מיט גרויסע און קליינע פעק וועלכע האָבען איהם שיער צו דער ערד געבויגען.

ער האָט מיך א ווייל אָנגעקוקט מיט א רחמנות פנים, און האלב פערשעהמט געפרעגט :

— זאָגט מיר, מיסטער, וואָס איז דאס פאר א סאָרט פיקצע, וועלכע הענגט דאָרטען ?

— דאס איז דער "נוצרי" — האָב איך איהם געענטפערט און געווארט צו זעהן וואָס פאר א פנים ער וועט מאכען.

— ווא... וואָס הייסט דאס ? וואָס איז "נוצרי?"

— דאס איז אויף פראָסט געזאגט, "יעזוס, דער גאָט פון די קריסטען" — האָב איך איהם ערקלעהרט.

— יעזוס ! — האָט ער אויסגעשריען מיט פערוואונדערונג — האָט ער דען געטראָגען א באָרד ?

— יא, ר' קרוב, — האָב איך צוגעגעבען.

די באָרד פון "נוצרי" האָט אויף איהם א שטארקען איינדרוק געמאכט. ער איז געשטאנען א היבשע ווייל און געטראכט.

— יעס ! — האָט ער זיך א כאפ געטהאָן — מיסטער לעבען, טהוט מיר א טובה און גיעט אכטונג אויף מיינע סחורה, איך וועל אריינגעהן קויפען דעם בילד. מען טאָהר אפילו ניט האלטען אזא טומאה'דיגע זאך נור גאָט וועט מיר מוחל זיין. אפשר וועט דאס מיך אויסהיטען פון די שטיינער וואָס לויפערס וואָרפען אויף מיר.

איידער איך האָב נאָך צייט געהאַט צו בעטראַכטען דעם פעד־לער אויב ער איז האַלב אָדער גאַנץ משוגע, אָדער גאָר א חרוץ, איז ער שוין צוריק געקומען, מיט'ן בילד אין האנד און דאס פעררוקט טיעף אין בוזעם.

— זיי וועלען שוין קריינקען פון מיר די באָמערס, די לויפערס — האָט ער צו זיך גערעדט זיך איינבויגענדיג אויפצוהויבען זיינע פעק.

— וואָס מיינט איהר מיט דעם ר' קרוב, וועט אייך דער בילד פערהיטען פון לויפערס ? — האָב איך איהם נייגעריג געפרעגט.

— הא, הא ! וואָס פערשטעהט איהר דאָ ניט ? — האָט ער מיר געענטפערט מיט א נצחון־ניגון — גאָר פשוט, ווען א לויפער וועט מיין באָרד א צעפּ טהאָן, וועל איך איהם אויסשטעכען די אויגען מיט דעם, אז זיין גאַט האָט אויך א באָרד געטראָגען.

מיר איז דער איינפאַל געפעלען געוואָרען, טאַקע א אידישע קעפּיל, און מיט'ן גאַנצען הארצען האָב איך איהם געוואונשען אז דער זכות פון יעזוס'עס בילד זאָל איהם בעשיטצען און בעשירמען וואו ער וועט זיך קעהרען און ווענדען.

*　　　*

*

אלס איך בין מיט א קורצע צייט שפּעטער געפאָהרען אויף א קאַר, האָט זי זיך אָבגעשטעלט, און עס איז אַרויף פאַראויס א פּאַק, נאכהער א נפש און הינטען ווייעדער א פּאַק.

איך האָב באַלד דערקענט מיין אַלט בעקאַנטען פעדלער. איך האָב זיך פּשוט דערפרעהט מיט זיין אָנקומען, דען מיר האָט שטאַרק אינטערעסירט צו וויסען אויב זיין מיטעל האָט געהאָלפען.

— האָט עפּעס געהאָלפען ? — האָב איך איהם געפרעגט.

—עט, א נעכטיגער טאָג — האָט ער א מאַך געטהאָן מיט'ן האנד און איז געבליעבען פערטראַכט.

— אלזאָ, האָט עס ניט געהאָלפען ? — האָב איך ווייעדער געפרעגט.

— אַ נעכטיגער טאָג, גאָט האָט מיר געשטראָפט דערפאַר, וואָס איך האָב אַ טומאה זאַך געהאַלטען, אָט זעהט מיין וואונד אין דער לינקער זייט קאָפּ. אַ ים בלוט איז פון דאָרט אויסגערונען. טאַקע יענעם טאָג האָבען מיר אָנגעטראָפען אַ באַנדע לויפערס ווי דער שטייגער איז; איינער האָט געריסען מיין באָרד אַזש פייער האָט פון מיר געשפּריצט פאַר וועהטאָג און אַ צווייטער האָט געשלעפּט מיינע פּעק. און אַז זיי האָבען מיר אַ ווייל'ע אָבגעלאָזען, האָב איך אַרויסגעכאַפּט דאָס בילד זיי צו ווייזען; נו, נו אַזוי ווי עשו האָט זיך צוקאָכט ווען ער האָט דערזעהן די רויטהע זופּ, אַזוי האָבען זיי זיך צוהיצט. זיי האָבען מיר באַלד אויף שטיקער צוריסען. נור אַ כפּרה אויף מיינע זינד! אָט דאָ געה איך אַראָפּ...
איך האָב לאַנג איהם נאָכגעקוקט ביז ער איז פערשוואונדען געוואָרען, און צובראָכענע געדאַנקען האָבען געשטאָכען מיין מח...



# בטריהרט א סטרונע.

— איך האב זיך ביי דיר געבעטען, ווי ביי א גזלן, דו זאלסט דיין טאטען אין אמעריקא ניט ברייגגען — זאגט זי מיט כעס און פארוואורף — ניחיי וואלסטו איהם געשיקט אין יוראפ א דאל־לאר א וואך און דאטס אלל.

— לינא ! — בעט ער איהר מיט א ריהרענדען טאן — פער־ביטער ניט מיין לעבען, גיעב מיר רוה, כאטשע די ווייל וואס איך קום אהיים עסען סאפער.

— טא פאר וואס האסט דו פערביטערט מיינע טעג און יא־רען ? איך קען שוין פון דיין אלטען מיט זיינע גרינע תנועות מעהר ניט אריבערטראגען, עס מוז פון דעם נעהמען א סוף.

זי זעצט זיך אין ראקינג טשעיר, און וויעגט זיך נערוועז.

ער שפאנט איבער'ן צימער שטארק אויפגערעגט און בייסט די ליפען.

ער בלייבט שטעהן.

— לינא !

— וואס ווילסטו ?

— ער איז מיין טאטע, ער האט זיין גאנצען לעבען פיר מיר געאפפערט, נעכט איבער מיר ניט געשלאפען... מיין מאמע איז שוין לאנג טויט... ער איז אליין... עלענד.. איך..

— וואס ! וואס ! — פאלט זי אריין ווערסט אפשר זאגען, אז דו ביזט אויך עלענד ? נו, אויב דיר איז ביי מיר ניט גוט צו זיין, אויב דו פיהלסט זיך ביי מיר עלענד, מעגסט דו געהן מיט דיין טאטען וואו דו ווילסט.

— חלילה, ווער מיינט דאס צו זאגען, ווייסט אליין, אז איך וואלט פיר דיר טהאן אלץ אין דער וועלט. דארפסט אבער וויסען און ניט פערגעסען, אז איך בין זיין קינד.

— איך ווייס, איך ווייס — מאכט זי שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ און וויעגט זיך אין טשעיר נאָך שטאַרקער — איך ווייס אז דיין טאַטע איז ביי דיר טהייערער פון מיר.

ער געהט איבער'ן צימער הין און צוריק.

— לינא !

— נו וואָס ווייטער ?

— זאָג מיר, איך בעט דיך ווי לאַנג איז שוין, זייט דיין טאַטע עליו השלום, איז געשטאָרבען ?

זי לאָזט אָב די הענטלאַך פון ראקינג טשעיר, הויבט אויף איהר קאָפּ, און קוקט איהם אָן גלייך אין זיינע אויגען.

— שוין באַלד פינף יאהר — זאָגט זי מיט א שווערען זיפץ.

— געדענקסטו — זאָגט ער — יענע פינסטערע נאכט, ווען איך בין געלאָפען אכט מייל נאָך א דאקטאר, פיר דיין טאַטען ? עס האָט דאַן געשטורעמט און געשנעעט און איך בין געלאָפען אין איין אטהעם. געדענקסטו, ווי איך האָב זיך אין יענער נאכט פער־קיהלט און בין געלעגען צו בעט צוויי וואָכען צייט ? און ווען אפילו צוויי יאהר ? אָה, דיין טאַטע וואָלט נור געבליעבען לעבען !

ער בעמערקט טרעהרען אין איהרע אויגען.

— מילא וואָס טויג דיר וויינען — מאכט ער מיט א פרייערע שטימע — וועסט איהם מיט דיינע טרעהרען פון קבר מעהר ניט אויפהויבען, לאָמיר בעסער טהאָן פיר די לעבעדיגע. קום, גיעב מיר עסען סאפּער, איך דארף נאָך היינט געהן א פּאַאר שטונדען ארבייטען.

— ווילסטו גאָר ניט וואַרטען אויף'ן טאַטען ? — פרעגט זי איהם.

— איך ווייס ? — מאכט ער — ווער ווייסט ווען ער וועט קומען פון מעריב ?

— ער האָט היינט דינער אויף זעהר וויניג געגעסען, — בע־דויערט זי דעם אַלטען.

ווען זי האָט צום טיש דערלאַנגט דאס פלייש, איז דער אַלטער אריינגעקומען.

— שווער — זאָגט זי — אזוי שפּעט, און נאָך ניט הונגעריג ?

— עט, אַ דאגה — ענטפערט דער אַלטער.

— טאַטע — זאָגט דער זוהן — אונזער לאַנדסמאַן ליוויי האָט מיך געפרעגט פאַר וואָס דו קומסט איהם ניט זעהן. אויב דו ווילסט וועל איך געהענדיג צו דער אַרבייט, דיך צופיהרען אהין.

— זאָל זיין ווי דו זאָגסט, — גיעט צו דער אַלטער.

— פאָלגט מיך בעסער — רופט זיך אָן די שנור — עס איז היינט זעהר קאַלט, בעסער בּלייבּט אין דערהיים, די לאַנדסלייט, וועלען ניט אנטלויפען, בּלייבּט אין הויז און איך וועל צושטעלען פיר אייך פרישע טהעע.

דער אַלטער קוקט אויף זיין שנור מיט ברייט אָפענע אויגען און וואונדערט זיך, און אויף'ן געזיכט פון'ם זוהן שפּיעלט אויף א געמיטהליכער שמייכעל.



# דער מוהל.

די זונן ברענט ווי פייער. די בלעטלאך, די גרעזלאך אויף די פעלדער ליעגען טויט ווי אהן א נשמה. ארום איז שטיל, עס הערט זיך נור צייטענווייז דאס קוואקערייען פון זשאבעס, וועלכע פרעגלען זיך אין די גרין פערשימעלטע לוזשעס, אדער א גענעץ פון א מיעדען פויער, וואס ליעגט דארט אונטער א בוים פיפקעט די לולקע און קוקט ווי זיין פערדיל קייעט גראז.

חיים שלום פייוויש, געהט פארוועדטס. אום זיך לייכטער מאכען צום געהן אז די היטץ זאל איהם ניט שטיקען און פאר־רענען, האט ער אויסגעטהאן זיין אויבער־זשופעצע. דאס האט אבער ניט געהאלפען. ער האט אויך אויסגעטהאן זיין אונטער־בגד, די שבת'דיגע קאפאטע ביז דעם קאפטען, און איז געבליעבען במחילה אין איין דורכגעווייקטע העמד... אנגעקלעפט צום קערפער, אזש די ביינער האבען ארויסגעשטארצט.

ווער עס בעגעגענט חיים שלום'ען ווייסט אז ער געהט צו א דארפס־מאן'ס א קינד מל'ען; דאס איז זיין עסק, אבער אהן געלד. קיין אנדערע געשעפטען האט ניט חיים שלום. זיין ווייב איז די עקרת הבית. זי ארבייט מיט די הענד, מיט'ן מויל, מיט די זייטען, פערזארגט אהן עין־הרע פאר זעכס קינדער אין חדר, פאר צוויי קריכער־פויזערלאך אויף דר'ערד, און א'ן אפגעשפארטער צווילינג אין וויעגעלע. זי איז פאלקאם צופריעדען. גאט האט איהר געבענשט מיט א מאן, וואס זיין נאמען גרייכט פון ווילעמ־ליסאק, ביז אנדראניסאק. ער איז בעוואוסט פאר'ן גרעסטען מוהל. ביי איהם איז רעכט צו געהן צעהנדליגער מיילען אבי צו בעשאפען א אידען...

חיים שלום פייוויש געהט איצט אויף דער איינלאדונג פון בערקע דעם ישוב'ניק. זיין ווייב האט איהם געשאנקען א יונג און חיים שלום געהט איהם געבען דעם ערשטען לעקציאן ווי גוט

עס איז צו זיין א איד... בערקע האָט אפילו חיים שלום'ען געשיקט א פּאָאר הויפּישע פערד ער זאָל פאָהרען, אָבער ער האָט איהם ענטזאגט, ווייל צו א מצוה וויל ער געהן צופוס, כדי ער זאָל ניט פערליערען "שכר הליכה"...

— העי, חיימוק, וואו געהסטו ? — הערט ער הינטער זיך א שטימע רופט.

ער דערקענט קאזימיר דעם שטאָדט גוי.

— חאָדזים נא ברית, — ענטפערט איהם חיים שלום פּיוויש פערסאָפּעט. און קאזימיר דארף קיין פערטייטשענים, ער פערשטעהט וואָס ברית הייסט

— וועסטו זיך חיימוק זעצען אויף'ן פוהר, זעה דו ביזט דאָך שוין פערמאטערט יאק דיאבּאָל.

— נע מאָזשנע — זאָגט חיים שלום — יא חאדזים נא מצוה...

*　　*

*

דורך איינע פון נויארקער סטריטען, לויפט א יונגערמאַן, ער ווארפט די אויגען פון ביידע זייטען, ווי ער וואָלט עפּעס זוכען און באלד בלייבט ער שטעהן פאַר א טיהר אויף וועלכע עס לויכטעט א אויפשריפט מיט גאָלדענע בוכשטאבען: "רעווערענד... מוהל ומסדר קידושין". שנעל טהוט ער א ציה דעם בעל, און א פרוי אין מיטעלע יאָהרען בעווייזט זיך

— איז דער רעווערענד צו הויז ? — פרעגט דער יונגערמאַן.

— יאָ, יאָ, ער איז דאָ — ענטפערט איהם די פרוי מיט א גדלות'דיגען טאָן — אָבער ער האָט איצט זיין ברעקפעסט, איהר קענט קומען אין א שטונדע ארום.

— ווארטען א שטונדע קען איך ניט, ליעבע פרוי, איך בין אן ארבייטער... איך האב א ברית...

— א מאָדנע מעשה — מאכט זי מיט כעס — באלד נעה־מען זיי זיך איבער מיט דעם יחוס ארבייטער! וואס הייסט, אז איהר זייט אן ארבייטער זאל מיין מאן קיין ברעקפעסט ניט הא־בען ? וואס הייסט !

— אזוי שלעכט בין איך ניט, מען זאל צוליעב מיר ניט עסען. איך וויל אייך נאר זאגען, אז איך בין א פערקויפטער מענש. די איבעריגע פּאאר מינוט וואס איך וועל דא דארפען ווארטען, קען איך מיין דזשאב פערלירען, און דאן קען פעהלען ברויט פאר עטליכע מיילער.

די פרוי האט איהם ארייננעפיהרט אין הויז.

— גוט מאָרגען רעוורענד ! — בעגריסט איהם דער בעל ברית.

— גוט יאהר, וואס איז ?

— מיין פרוי האט געבאָרען א זוהן, און אזוי ווי איהר האט מיין ערשטען קינד גע'מל'ט, פערלאנג איך אייך איצט אויך.

— ווי — ווי פיעל גיעט איהר ? — פרעגט דער רעוורענד.

— וואס הייסט, פיעל זאל איך געבען ! — ענטפערט דער בעל ברית האלב פערשעהמט — איהר האט מיר ביי מיין ערשטען קינד אויך קיין פרייז ניט געשטעלט, דאך האב איך אייך אָרענט־ליך בעצאָהלט.

— איך—איך—איך וויים וואס וו—וועז, איך וויל איצט וויסען א מקח.

— איך גיעב אייך דריי דאלאר, מעהר קען איך ניט.

— איך קען דאס ניט טהאָן. מיין פרייז איז איצטער פינף דאלאר. איך מאך גוט און שנעל

— .מיר איז אפילו דריי דאלאר אויך שווער צו צאָהלען, איך קען אָבער ווייטער ניט געהן זוכען א מוהל. איך דארף נאך האלבען טאָג געהן ארבייטען, איך גיעב אייך פיער דאלאר.

— אַלל־רהייט, איך־איך טהו דאס אייך, ווייל איהר זיינט מיינער אַ קאַסטימער. איך קום עלף אַגלאָק.

עס איז געוואָרען עלף אַזייגער, האַלב נאָך עלף, די מינוטען לויפען. יעדער איז ביזי, יעדער איילט זיך און אונזער מוהל איז ניטאָ. די קינדבעטאָרין וויינט, דער בעל ברית איז פערצווייפעלט, אָבער וואָס טהוט מען? די געסט האָבען גענומען פערנאַנדער־געהן מיט פערדרעהטע נעזער, וואָס מען באדערט זיי אומזיסט. דער בעל ברית בעט זיי זאָלען נאָך אַ צעהן מינוט ווארטען, און אַליין לויפט ער אַריבער צום מוהל.

ווי פערצווייפעלט איז ער אָבער געוואָרען בעקומענדיג אַזאַ תשובה: דער רעווערענד האָט בעקומען אַ טעלעפאָן קאָל פון אָפּ־טאַון צו אַ ברית במקח צעהן דאלאר, איז ער אהין אוועק, און צו איהם קען ער קומען ערשט פארנאכט.

דער ברית איז היינט ניט געוועזן. אונזער אַמאָהליגער חיים שלום איז זעהר ביזי אין אַמעריקא.



# לייזער פּאַטריאָט.

לייזער איז אַ רוסישער פּאַטריאָט. אין זיינע אויגען, איז אַ רוסישער פּאָליציייסקער — אַ מלאך. די שמאַלצענע מאָרדע פון אַ קאַצאַפּ, האָט ביי איהם דעם גרעסטען חן.

״מען דאַרף קושען דאָס קלענסטע שטיקעלע ערד פון רוס־לאַנד״, טענה׳ט ער אימער.

אין דער אמת׳ען איז ניטאָ לייזער׳ן וואָס צו פערדענקען פאַר וואָס ער איז אַ רוסישער פּאַטריאָט.

אין שמענדערהאָץ, איז ער געווען אַ גאַנצער ״יאַטעבעדאָס״. דער אוריאַדניק האָט זיך געלאָזט פון איהם קושען די הענד און פאַר דעם פּריסטאַוו האָט ער צוגעשטעלט היי מיט האָבער.

און דאָ, אין ״אַמעריצקע גנב״, וואו אוריאַדניק, ווען אוריאַד־ניק. אויף׳ן קאָרנער שטעהט אַ גראָבאַטש מיט אַ בלויען ראָק, אַ קיוועך פון אַ קוימען־קעהרער, וואו אַ שווערד וואו שליפּעס, אַ נעכטיגער טאָג. הייִנט דער לשון פון אמעריקא גנב! אַז מען רעדט קייקעלט זיך דער צונג און מען מעלה גרה׳ט ווי אַ בהמה.

ערשט דאַן וואַרפט לייזער דעם שטאַרקסטען אומחן אויף אַמעריקאַ, ווען ער דערזעהט אַ היעגען סאָלדאַט.

הע! הע! הע! — לאַכט ער — אַזאַ שטרויענער דראַנג קען עפּעס וואָס אויפטהאָן! אַ רוסישער סאָלדאַט מיט איין בלאָז וועט דאָך איהם אָוועקבלאָזען!

טעג מיט פול אינטערעס, אויפרעגונג און האָפנונג האָט זיך פאַר לייזער׳ן אָנגעפאַנגען, ווען עס האָט אויסגעבראָכען די קריעג צווישען רוסלאַנד און יאַפּאַן. די רוסישע ניעדערלאַגעס האָבען איהם געמאַטערט און געפּלאַגט, און דאָך איז ער געווען אין פולער האָפנונג אַז רוסלאַנד וועט געווינען.

אין דער צייט ווען עס האָבען זיך אָנגעפאנגען די פריעדענס אונטערהאנדלונגען איז לייזער ארוים אין דער קאָונטרי פּעדלען, און ארומשלעפּענדיג זיך פון איין קליינע שטאָדט צו דער צוויי־טער, האָט ער ניט געקענט קריגען צו זעהן וואָס עס "שרייבט זיך אין אידישען פייפער מכח דער מלחמה".

פון די ענגלישע בלעטער און פון די פארמערס איז לייזער גאָר ניט דערגאנגען, און ער איז פשוט אויסגעגאנגען פון ניי־געריגקייט.

אין דעם זעלבען טאָג, ווען רוסלאנד און יאפּאן האָבען גע־שלאָסען פריעדען דורך זייערע פערטרעטער אין פּאָרטסמאָוטה, איז לייזער אָנגעקומען פון דער קאָונטרי, אין שטאָדט.

ווי א דורשטיגער נאָך אביסעל וואסער, אזוי האָט ער זיך א וואָרף געטהאָן נאָך דער ערשטע אידישע צייטונג, וועלכע איז איהם אין האנד געקומען; ער האָט פשוט געוואָלט דעם ניוס־באָי קושען....

די אלע וועהטאָגען פון די אויסגעשלאכטעטע אין קריעג, האָבען אָבער געטראָפען אין לייזער'ס הארצען ווען ער האָט דערזעהן אין דער צייטונג די ווערטער מיט גרויסע בוכשטאבען: "רוסלאנד גיעט נאָך"!

"ס'איז ניט אמת! ס'איז א בלאָף! — האָט ער צו זיך געמורמעלט און געלאָפען א'ן אויפגערעגטער.

אויף'ן קאָרנער האָט איהם בעגעגענט זיינער א לאנדסמאן, און אנשטאט א שלום עליכם האָט ער אויסגערופען:

— נו, ווי געפעהלט דיר לייזער פאָני'ס מפּלה?

און לייזער אנשטאט א שלום עליכם האָט מיט כעס גענטפערט:

— איך האָב אלע בלאָפערס אין דער ערד; נעווער מיינד, קאָזאק ועט בלייבען קאָזאק.

— עה חכם איינער — האָט דער לאנדסמאן געזאגט — האָט דען א פליעג ניט אויסגעמאטערט טיטוס הרשע?

לייזער האָט ניט געענטפערט און איז ווייטער געלאָפען.

ביים סטופ פון הויז, וואו ער האָט געוואוינט האָט איהם בעגעגענט דער דשעניטאָר, א כיטרער איד, בזה הלשון:

— אייערער טהייערער לאַנדסמאַן ר' ניקאָליי האָט געכאַפּט א טהייערע מפּלה, א יאָ?

— א כפּרה מעגען ווערען אַלע פּאָליסלייט פון אמעריקא גנב, פאַר איין נאָגעל פון ניקאָלייען — האָט לייזער אויסגעשטורעמט.

— גרינהאָרינס בלייבען גרינהאָרינס — האָט דער דשעניטאר געזאָגט.

— מיינסט אפשר צו זאָגען אז איך בין אויך א גרינהאָרן?

— האָט לייזער געפרעגט בעליידיגט.

— אזוי דוכט מיר — האָט דער דשעניטאר געזאגט קאַלטבלוטיג.

— און דו ביזט א בלאָטע ראמער א... א....

לייזער האָט געזוכט נאָך ווערטער פאַר'ן דשעניטאר, דער לעצטער האָט איהם אָבער באַלד דערלאַנגט מיט'ן ברום. לייזער האָט געגעבען אַלס ענטפער פעטש און דער אָפּקלאַנג האָט דערגרייכט צו ביידענס ווייבער.

די מלחמה צווישען די פּאטריאָטען פון רוסלאנד און יאפּאן האָט אָנגעהאַלטען א רעכטע ווײַלע. נור אזוי ווי רוזוועלט האָט זיך דאָ ניט אריינגעמישט מאכען א שלום האָט די מצוה פערדיענט דער גראָבער פּאָליסמאַן פון קאָרנער.



# ערב ראש השנה

.1

אין סטריט איז א גערדיכטעניש ניט דורכצוגעהן. דער עולם קויפט איין וואס נויטהיג פיר יום טוב. די לופט איז דורכגעמישט מיט דעם ריח פון פרוכטען, שפייזען, און מיט די געשרייען פון כוואליעס שטימען.

ער שטעהט ביים קארנער, וואו עס איז ניט אזוי ענג, און בעטראכט יעדען פערבייגעהער. די ווייבער מיט די פולע קערב־לעך, דערמאהנען איהם זיין מאמען, אין דערהיים... די מענער מיט זייערע איינקויפעכצען, דערמאהנען איהם זיין טאטען, וועל־כער איז שוין געווים אין שוהל...

דריי וואכען איז ער אין לאנד, און געהונגערט האט ער שוין מעהר, ווי אין זיין גאנצען לעבען. אלע טאג מאכט נאך ניט אזוי אויס, נאר יום טוב... ביי א פרעמדען טיש צו זיצען יום טוב, איז אויך א קליינער תענוג, אבער ארומגעהן אין די גאסען הונגעריג און פון יום טוב גאר ניט וויסען, איז נאך ערגער.

זיין פנים ווערט אלץ טרויעריגער, און אין הארצען קלעמט איהם...

— א גרינער, הא ? — דערפיהלט ער א ציה פאר'ן ארבעל, מיט דער פראגע: שוין לאנג אין דער מדינה ?

ער קוקט אן פיר זיך א געזונדען מאן מיט א רויטהער גע־גאלטער מארדע. ער וואלט גאר ניט געגלויבט, אז דאס איז א איד.

— דריי וואכען אין אמעריקא — ענטפערט ער.

— וואו עסט איהר יום טוב ?

— אין ערגעץ ניט.

— ווילט איהר אפשר מיטפאהרען מיט מיר אין קאונטרי ? עס פעהלט אונז איין מאן צו א מנין. איהר וועט האבען עסען, טרינקען, און דערצו נאך א פאאר דאלאר.

א נייע הויט בעציהט זיך אויף'ן גרינעם'ס פנים....

.2

מיסעס קאָהן שעפּט מיט דער לעפעל די אָנגעקאָכטע שוים פון טעפּעל און זיפצט.

זי ווארט איהר מאן זאָל קומען און ברייגגען די גוטע נייעס, אז ער האָט ביי טשארלי'ן גע'פועל'ט צו געהן אין שוהל דאוונען.

— א שעהנע מדינה אמעריקא — זיפצט זי — מען דאַרף זיך בעטען ביי קינדער זיי זאָלען כאָטש איין מאָהל אין יאָהר געהן דאוונען. אליין, האָבען זיי ניט גאָט אין הארצען. אוי, אוי, אוי, איז דאס א מדינה!

מיסטער קאָהן קומט אריין א דערשלאָגענער.

— נו, פרעגט זי איהם, גע'פועל'ט?

— ניין.

— וואָס זאָגט ער?

— ער זאָגט, אז ער וואָלט געגאנגען דאוונען, נאָר איהם גע־פעהלט ניט דער חזן.

— וואָס הייסט? וואָס ווייסט ער צו זאָגען מבינות אויף א חזן?

— ער זאָגט, אז ער אליין האָט מיט דעם חזן געשפּיעלט אין קאָרטען א גאנצע נאכט און....

— א שעהנע מדינה, זיפצט זי, און שאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

.3

זי ווארפט אין לעטער־באָקס "לשנה־טובה קארדס" איינציג־ווייז.

אָט האלט זיא אין האנד דעם ענוועלאָפּ מיט זיין אד־רעס, זיין נאָמען...

דאס הארץ קלאפּט...

"וועט ער מיט אנטוואָרטען?" — טראַכט זי — ער האָט מיר געסטערן בעגעגענט, און זיין בליק איז געווען אזוי קאלט...

לאנגזאם הויבט זי אויף דעם דעקעל פון באקס, און גוט בעטראכטענדיג זיין נאמען, ווארפט זי עס אריין.

„אוי, וואס האב איך זיך אזוי געאיילט? אפשר האב איך גאר ניט געדארפט שיקען?...

זי בלייבט שטעהן ביים באקס פערטראכט, און פערגעסט, אז זי האלט נאך ענוועלאפס. נאר וואס פאר א ווערטה האבען זיי געגען דעם איינעם, וואס ליעגט דארט... אין באקס?

.4

געהענדיג לאנגזאם לייענט ער דער מאמעס בריוועלע. ער האט עס היינט ערהאלטען.

„קינד מיינער — שרייבט זי — פאר א יאהרען האט נאך דער טאטע געלעבט, און ביידע צוזאמען, האבען מיר ביין טיש געוויינט, ווען מיר האבען זיך דערמאהנט, אז דו ביזט פון אונז פערוואגעלט. דער טאטע איז געשטארבען, דו ביזט ווייט פון מיר, און איך קלאג אליין אויף מיינע צרות. קינד מיינער, דאווען גוט און בעט גאט פאר מיר — איך בעט גאט פאר דיר. אפשר וועלען מיר נאך זוכה זיין זיך צו זעהן".

ביים קארנער בלייבט ער שטעהן, דא דארף ער בעשליעסען וואס צו טהאן. צוויי קרעפטען פיהרען א קאמפף אין זיין הארצען.

— ניין! איך וועל בעסער קויפען פיר איהר א טיקעט אין טהעאטער נאך יום־טוב. היינט געה איך דאווענען... די מאמע בעט זיך. אבער לינא וועט דאך זיין בייז?

ער ווארפט א בליק אויף'ן טהעאטער, און א צווייטען בליק צו דער גאס וועלכע ציהט צום שוהל.

ער רייסט זיך אפ פון קארנער און לויפט—אין שוהל אריין....



# אַ מנין פון אײנעם.

אי־אי־אי־אי־אי, לבוחן לבבות ביום דיייין — אי־אי לגולה עמוקות בדיייין.

— װער דאװענט עס דאָרטען אין פראָנט־רום ? — האָב איך מײן מיסעס געפרעגט, הערענדיג אַ שטימע הויך קלאָגענדיג.

— דאס ברומט װיא אַן אָקס מײן אַלטער פערד — האָט זי געענטפערט.

— איז ער הײנט גאָר ניט געגאַנגען אין שוהל ?

זי האָט געריבען איהרע אויגען מיט׳ן ברעג פאַרטוך, און האָט ניט געענטפערט. מיר איז פאָרגעקומען די גאַנצע זאַך װאונ־דערבאַר. איך האָב געקענט מײן מיסטער אַלס רעליגיעזען אידען, און אויך גאָר ניט קײן נאַרישען. זאָגאר אין אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָהר, האָט ער אָפט בעזוכט אַ שוהל, און זײן בלײבען אין אַזאַ טאָג אין דערהײם, האָט מיר שטאַרק געװאונדערט.

מיט אונגעדולד האָב איך ערװאַרט זײן ערשײנען אין דײ־נינג־רום, װאו אַלץ איז געװען געלײגט צום טיש.

ער האָט זיך בעװיעזען האַלב פערטראָגען, די אויגען רויטלעך, אין דער זעלבער צײט מיט אַ צופריעדענע מינע, װי ער װאָלט געקומען פון אַנאַנדער װעלט, אַ װעלט פון רײנע ערהאַבענע גע־פיהלען.

ער האָט מיר אָפּגעגעבען דעם גוט יום־טוב מיט אַ גוט יאהר צוזאַמען, און זיך לאַנגזאַם געזעצט צום טיש.

— שרה צביה, װאָס שטעהסטו פאַרכמאַרעט, קום צום טיש, מײנסטו אַז איך האָב געדאַװענט פאַר זיך איז װאָס ? גאָט װעט אַזוי אויך געבען אַ גוט יאהר — האָט ער איהר געבעטען לאַס־קאַװע.

— טריפה׳נאַק, דיר אַ גוט יאהר ? דיר װעט גאָט אין האַנד

נעהמען, שרייבען דיין נאָמען? דו פויער! שוין דעם זעכסטען ראש השנה און יום־כפור ווערסטו משוגע און באַלבעסט אין דער־היים; הערסט ניט שופר בלאָזען, אוי פינסטערע, ביטערע יאָהרען מיינע...

זי האָט זיך צוואויינט אויף'ן קול.

איך בין געוועזען ווי צוטומעלט. די גאַנצע זאַך האָט מיר פערדראָסען. איך האָב געפיהלט אז זיי זיינען ביידע ערנסט און האָבען רעכט.

— איך בין אין אמעריקא ניט דאס ערשטע יאהר — האָט ער מיר ערקלעהרט, ווען מיר זיינען שפּעטער אליין געבליעבען — דער היעגער אידישער לעבען און פיהרונג איז מיר גוט בעקאנט.... ער איז מיר אזוי איבערדריסיג אז עס קעהרט מיר אזש צום ברע־כען און איבערהויפּט דער איין חודש פון יאָהר... איך וויל אייך קיין סך ניט דערצעהלען, בלויז מיינע ערפאהרונגען וואָס איך האָב געהאט.

— דאס ערשטע יאָהר האָב איך געקויפט טיקעטס אין א געוויסע שוהל'כל, איך האָב געקויפט שישי פיר א נישט־קשה'דיי־גען מקח און ווי געוועהנליך האָט מיר איינער פון בימה א פרעג געטהאָן וואו איז מיין וואָהנונג, וועלכער נומבער.

איך האָב איהם געזאגט.

ווי איבערראשט בין איך אָבער געוואָרען בעמערקענדיג ווי ער האָט זיך איינגעטוליעט אין טלית, זיך איינגעבויגען אזוי קונציג און.... איך זאָג אייך עס שוידערט מיר און... און האָט געשריעבען... איך בין בטבע א שטילער מענש, איך האָב קיין רעש, קיין ליארעם ניט געמאכט; אָבער דאס הארץ האָט מיר געקאָכט, איך האָב דאס ניט געקענט דעם גאַנצען יאהר פערגעסען.

אויף'ן צווייטען יאָהר האָבען מיר מיינע לאַנדסלייט רעקאָ־מאַנדירט אַן אַנדער מנין, און הערט וואָס דאָרטען האָט פּאַסירט: מיין טיקעט, וואָס איך האָב געקויפט, איז געווען נומער 6, איך האָב פערנומען דעם ריכטיגען פּלאַץ. מיט אַמאָהל קומט צו אַ טראָסטיע מיט אַן אויסזעהן פון אַ רוסישען קאָזאַק און הייסט מיר פערלאָזען מיין פּלאַץ, ווייל עס איז גאָר נומער 9. איך האָב גענומען לאַכען: ר' קרוב, וואָס דאַכט זיך אייך, עס איז דאָך 6 !

— סיי גרינע חיה — האָט ער זיך פאַנאַנדערגעשריען — גיד אָפּ ! איך פיהר דיך בּאַלד אַרויס מיט אַ פּאָליסמאַן ! עס איז געוואָרען אַ געטומעל, אַ גערודער, אַז איך האָב ניט געהאַט קיין פּלאַטץ מיינע אויגען צו בּעגראָבען פון שאַנדע. קורץ, מען האָט דעם טראָסטי קוים אויפגעוויזען אַז מיין סיט האָט ווירקליך געטראָגען נומער 6.

דערפאַר אָבּער האָט ער דעם גאַנצען דאַוונען פון מיר נקמה גענומען : האָבּ איך אַ הוסט געטהאָן, האָט ער געשריען ''אָרדער פּלים'', האָבּ איך זיך אויפגעשטעלט האָט ער קאָמאַנדעוועט ''סיט דאַן!'' האָבּ איך אַ תפילה געזאָגט האָט ער געבּורטשעט ''שאַראַפּ!''

אויף'ן דריטען יאָהר האָב איך ווידער געבּיטען מיין פּלאַטץ צום דאַוונען, וואו עס איז גראַדע געווען אַן אָרעמער כהן וועלכער האָט נעבּאַך קיין העזה געהאַט זיין נאָז אריינשטעקען אין מסחר.

ווען מען האָט אויפגערופען, בּמקום כהן, האָט זיך דער אָרע־מער כהן געשטעלט און האָט אויסגעשריען מיט אַ ציטערדיגע שטימע, ווי מען וואָלט אַ גנעראַל אויסגעטהאָן זיינע עפּאָלע־טען, ווי מען וואָלט אַ געזאַלבּטען אויסטהאָן די קרוין: ''אידען, איך בּין אַ כהן'!!

''קיפּ אָרדער''! האָבּען צו איהם אַ דונער געטהאָן אַ פּאָאַר גראָבּע שטימען.

— איך... איך... בּין אַ כהן — האָט ער געציטערט און גע־שטאַמעלט — פּרעגט משה'לען, יאָסלען מיינע לאַנדסלייט, זיי ווייסען איך... בּין אַ כהן.

— טראַסטיעס, וואָס לאָזט איהר שטערען אָרדער ? — האָט דער פּרעזידענט בּעפוילען און אויף זיין שטימע האָבען די טראַס־טיעס בּעוויעזען וואָס זיי קענען. האָבען גענומען דעם אָרעמען כהן ארויסשלעפּען. זעלבּסטפערשטענדליך, מישה'ל און יאָסעל, די לאַנדסלייט, האָבען זיך פאַר איהם אַנגענומען, דערווייל איז גע־וואָרען א געשלעג בּיז הימעל; פּעטש, בּוכצעס, קלעפּ אונטער די אויגען זיינען געלאָפען, און די תורה איז געבּליעבּען אליין ליגען אויף'ן טיש און געקוקט... ווי די קינדער פון ישראל שעצען איהרע כהנים....

קורץ איך האָב זיך א נדר געטהאָן, איך זאָל אין קיין שוהל ניט געהן, נאָר אויכגיעסען מיין הארץ אין דער שטיל פאַר זיך אליין.... און איך פיהל אַז מיין געבּעט גרייכט אונגעשטערט צום שער השמים !



# אַ פאַלשער חשבון.

מיסעס ליוויי האָט עטליכע מאָהל איבערגערעכענט און דער חשבון שטימט. די געלד האָט זי פאַרלויפיג אין פאַקעט ניט, נאָר זי וועט עס היינט בעקומען. דער באָרדער וועט היינט בעצאָהלען פאַר צוויי וואָכען, אַן ערך זעכס דאָלאַר, דאָס ביסעל געלד וועט איהר אַרויסשלעפּען פון איהר קריטישע לאַגע, טאַקי נאָר זעכס דאָלאַר, מעהר דאַרף זי ניט.

דעם חשבון מאַכט זי אַזוי: דריי דאָלאַר פאַר'ן דאָקטאָר, אַ דאָלאַר פאַר'ן מילכמאַן, אַ דאָלאַר פאַר'ן מלמד, אַ האַלבען דאָלאַר פאַר מעדיצין פאַר איהר דזשייקאָב; ער הוסט שרעקליך, ער שפּייט אויס זיינע לונגען...

און אַזוי שטימט דער חשבון. פּונקט זעכס דאָלאַר, און דער באָרדער וועט עס היינט ברייננגען.

זי האָט אַפילו אויך אין זינען צו קויפען אַ שטיקעל בגד'ל פאַר מייקעל'ען, ער איז נעבעך ערשט אויפגעשטאַנען פון אַ קריינק. זי האָט אויך אין זינען אַז איהרע שיך זיינען שטאַרק צוריסען, זי האָט אין זינען נאָך אַזעלכע קלייניגקייטען... נאָר די ערשטע זאַכען זיינען פאַר איהר נויטהיגער, און אויף דעם, האָט זי פּונקט אויסגערעכענט, העכסטענס וועט איהר בלייבען עטליכע סענט.

זי טהוט זיך אָרום מיט די שטוב־אַרבייט, און זעצט זיך אויף'ן ראָקינג טשעיר מיט דער בייבי אויף'ן האַנד און טראַכט.

זי טראַכט פון היינט ביי נאַכט, פון די זעכס דאָלאַר וואָס דער באָרדער וועט ברייננגען און איהרע געדאַנקען שוועבען אויך זעהר ווייט, אַהין צו יענע פערגאַנגענע צייטען, צו די פערלאָפענע יאָהרען ווען זי איז געווען אַ מיידעל, די איינציגע קינד ביי איהרע עלטערען. זי האָט פערבראַכט אַ לעבען ווי אַ בת־מלכה, פויגעל־מילך איז איהר ניט אָפּגעגאַנגען. טאַטע־מאַמע האָבען נאָר גע־

ווארט אויף איהר יעדען פערלאנג, און האבען אלעס פאר איהר געטהאן. זי זעהט פאר זיך יענע שרעקליכע ווינטער־נאכט, ווען דער טויט האט איהר פאטער געריבט און מיט א וואך שפעטער, אויך איהר מוטער.

זי איז געבליעבען עלענד ווי א שטיין, אהנע פריינד, אהנע קרובים, די גרויסע הויז מיט טהייערע מעבעל אין וועלכע זי האט פערבראכט איהרע קינדער־יאהרען געצערטעלט און געליעבט — איז איצט פאר איהר געווארען פינסטער ווי א קבר...

אין דער צייט האט זי בעקומען א בריעף פון אמעריקא, פון איהר קאזין יעקב, איהר איצטיגער מאן. ער האט איהר געשריע־בען, אזוי ווי ער האט געהערט פון איהר אומגליק, דאס זי איז געבליעבען עלענד, זאל זי קומען צו איהם אין אמעריקא, און ער וועט ווערען איהר איינציגער פריינד, ער וועט מיט איהר הייראטהען.

זי איז געקומען, און זיי האבען חתונה געהאט.

ביז דאס ערשטע קינד איז געבארען געווארען, איז נאך דער לעבען געווען צו דערטראגען. דערנאך האט זיך אנגעפאנגען צרות מיט פיין, קראנקהייט מיט ליידען, און אזוי געהט עס ביז היינט. אלע פינף קינדער זיינען שוואכע, קראנקע, זי ליידעט פון רהומא־טיזם און דשייקאב הוסט; אז ער איז געווען געזונד, האט ער גע־האט גענוג צו טהאן, יעצט ווערט די נויטה רק גרעסער.

לאנג, לאנג האט זי געטראכט ביז עס איז געווארען פינסטער־לעך, און זי האט זיך דערמאהנט אז מען דארף מאכען סאפער.

* *

*

דשייקאב'ס שטארקער הוסטען האט זיך נאך געהערט פון יענער זייט טיהר. ער קומט אריין אין הויז פערטרויערט, דעם קאפ געבויגען צו דר'ערד.

— ווי פיהלסטו היינט ?— פרעגט זי איהם.

— אליץ דאס זעלבע — ענטפערט ער קורץ.

— ס'טרינקען א גלאז טהעע? — מארגען אפשר וועט דער מילכמאן ברייגנען מילך; איך וועל איהם היינט געבען געלד.

— געלד? — פרעגט דשייקאב פערוואונדערט — וואו ווערסטו נעהמען געלד?

— דער באָרדער דארף מיר היינט געבען זעכס דאלאר.

— אָה, ער דארף דיר געבען? ס'איז אָבער א פראגע אויב ער וועט דיר געבען.

— וואס הייסט?

— ווייל ער האט ניט, ער ארבייט ניט. איך זעה איהם אלע טאג ארומגעהענדיג פארביי מיין שאפ, ער זוכט ארבייט.

— צו וואס האסטו מיר ניט געזאגט, ער האט מיך אלץ גע־נארט אז ער ארבייט.

— איך האב געוואוסט אז מיין זאגען איז איבעריג, ער זוכט דאך ארבייט, אט האב איך געדענקט וועט ער קריגען היינט־מארגען, ער קוקט אוים צו זיין אן ארענטליכער מענש.

מיסעס ליוויי קען מעהר ניט פרעגען אדער ענטפערען; זי פיהלט אז איהר שוואכע הארץ ווערט צו שפאלטען אין שטיקלאך, טרעהרען ווערגען אין האלדז, נאר זי וויל ניט דשייקאב'ן פער־שאפען פערדרוס, איהר גרויסע האפנונג אז היינט וועט זי גע־האלפען ווערען איז אין גאנצען פערשוואונדען. "און אפשר וועט ער דאך ברייגנען געלד" — פרובירט זי האפען געגען האפנונג — "אפשר וועט ער ערגעץ־וואו לייהען? ער וועט מוזען לייהען איך מוז דאס האבען, איך מוז"....

דשייקאב האט זיך שטארק צוהוסט, און זי האט אויף איהם געקוקט מיט א טיעפען מיטלייד, זי האט אין די ווייטע פערגעסען איהרע אייגענע יסורים.

— פיהלסט שלעכט, דשייקאב, טא ווארט ניט אויף'ן באר־דער. קענסט אפעסען סאפער און געהן זיך צולייגען, — זאגט זי צו איהם.

ווען ער האט געוואלט געהן צום טיש, איז אריינגעקומען דער באָרדער.

זי האָט מורא צו פרעגען, ציטערענדיג אז דער לעצטער שטרוי פון האָפנונג וועט איבערגעריסען ווערען. אָבער לאַנג קען זי זיך ניט איינהאַלטען. איהר הארץ קלאַפּט און ניט ווילענדיג פרעגט זי מיט האסט:

— האָט איהר געבראַכט געלד?

— ניין — איז זיין אַנטוואָרט.

— גזלן! — האָט זיך אַרויסגעריסען פון איהר ברוסט אין א קול פון פערצווייפלונג, און מעהר האָט זי ניט געקענט ריידען.

— שריי ניט — בעט זיך דשייקאָב — נעהם ניט אוועק מיין לעצטע ביסעל געזונד, וואָס וועט דיר העלפען דיין שרייען, וואָס קענסטו נעהמען ביי א בר־מינן?

דער בּאָרדער האָט אַ וואָרט ניט געענטפערט און איז אַרויס פון הויז ווי אַ דערשלאָגענער.

מיסעס ליוויי האָט איהם געזעהן אַרויסגעהענדיג און איהר פערצווייפלונג און כעס האָבען זיך פּלוצלונג פערוואַנדעלט אין א מין רחמנות צום אונגליקליכען בּאָרדער.

— וואָס האָב איך געטהאָן! — איז פּלוצלונג אין איהר קאָפּ אַ געדאַנק אַריינגעפאַלען — שטייטס, ווי בין איך אזא מערדער־קע? ער האָט געוויס דעם גאַנצען טאָג ניט געגעסען, און ער איז אַזוי אַוועקגעגאַנגען. וועה איז מיר, וואָס האָב איך געטהאָן!

זי האָט די בייבי אַריינגעזעצט אין בעט און איז פייל פון בויגען אַרויסגעלאָפען אין דרויסען, אפשר וועט זי איהם נאָך כאַפּען. דער בּאָרדער איז שוין אָבער געווען פערשוואונדען.

זי איז אַריין צוריק אין הויז, האָט פערבּאָרגען איהר געזיכט אין קישען ביי איהר בייבי און האָט שטילערהייד געוויינט און געוויינט....



# אויפ'ן קארנער.

פארנאכט.

ליוויי און שפיוויי צוויי ארבייטער, לויפען פון שאפ, שנעל אהיים.

דער ערשטער איילט זיך, ווייל היינט דארף ער געהן מיט זיין כלה אין טהעאטער, דער צווייטער לויפט זעהן זיין ווייב און קינדערלאך... א נייע בייבי איז דא, עס איז זיין לעבען.

— וואס איז דארט פאר א קרויד ביים קארנער קלינטאן ?

— פרעגט ליוויי שפיווייען — עפעס מוז דארט וואס זיין ?

— נו אויך אן עסק, אויך א ביזנעס — ענטפערט שפיוויי לויפענדיג און ליוויי האלט נאך — זיך אפשטעלען אויף אלץ קור־קען אין אמעריצקע גנב, וואלטען מיר קומען אהיים א שפראץ אויף טאג. איך וויים וואס פאר א בלאף דארט איז, קום שנעל, אונזער קאר קומט !

* *

*

ביידע זיצען אין קאר.

— איך פערשטעה אייך ניט — זאגט ליוויי צו שפיווייען — ווען איך זעה ערגעץ א קרויד, ציהט מיך א קוק טהאן, און אייך ארט עס ווי די וואנד.

— איך וועל דיר זאגען — ענטפערט שפיוויי — אז דו וועסט זיין א טאטע, וועסטו וויסען ווי ביטער עס איז, אייגענע קינדער ניט צו זעהן א גאנצען טאג, דו וועסט זאגען טויזענד מאהל, א כפרה אמעריצקע גנב מיט איהרע קרוידס, און וועסט לויפען אהיים ווי א רוח.

— וואס דוקא די קינדער ? — פרעגט ליוויי מיט א שמיי־כעל — און די ווייב ? איך וויים אז איהר גלייכט אייער אי־

דענע. בשעת זי ברייננגט אייך דינער עסען, זעה איך ווי אייערע אויגעלאך ווערען שפיטציג קוקענדיג אויף איהר, א יא ליעב־הארציגער שפיוויי, איך פערשטעה אן עסק ?

שפיוויי שמייכעלט.

— עפעס אונזערע אידען זיינען פאני — זאגט ווייטער ליוויי — זיי האבען מורא אויסצוזאגען אז זיי גלייבען זייע, אייגענע ווייב, איך שעהם זיך גאר ניט. איך זאג אפען, אז איך גלייך מיין כלה, איך וואלט מיין גאנצען לעבען פאר איהר אבגעבען, גלויבט מיר מר. שפיוויי, איך זאג עס אפען, גאנץ אפען.

שפיוויי איז פערטראכט. זיין פנים ווערט בעצויגען מיט א טרויער. ער דערמאהנט זיך די צייט, ווען זיין ראזי איז אויך א כלה געווען...

— הארטאן סטריט ! — האט דער קאנדוקטאר אויסגעשריען. ליוויי פאהרט ווייטער און שפיוויי שטייגט ארונטער.

* *

*

— פאפא ! פאפא ! שרייען די קינדער ווען שפיוויי קומט אריין אין הויז.

א באי א יאהר פיער אלט, קריכט אויף זיין האנד און א מיידעלע עטוואס עלטער, וויעגט דעם בייבי קערידזש.

— פענעלע ! וואו איז די מאמע ? — פרעגט ער זי.

זי איז געגאנגען צו די טאנטע ברייננגען פרישע ברויט פאר דיר.

— מא גאנגען בייגען קענדי ! — זאגט דער באי.

— אזוי שפעט איז זי געגאנגען ? — פרעגט שפיוויי.

— זי איז שוין אוועק פון א צייט — ענטפערט די מיידעלע

— ביז איצט איז דא געווען מיסעס גרויזבערג, נאר זי איז גע־

גאַנגען מאַכען סאַפּער פאַר איהר מאַן, זיינען מיר אַליין די גאַנצע צייט.

— איך קען דאס ניט פערשטעהן — טראַכט שפּיוויי — אי־מער אין דער צייט געפין איך שוין סאַפּער אָנגעגרייט אויף׳ן טיש און איצט איז זי אוועק און האָט פערגעסען אין גאַנצען אז איך דאַרף עסען, אַמעריצקע גנב! געווים האָט זי זיך וואו פערקוקט, אַ קליינינקייט: וואו מען געהט, וואו מען שטעהט אַלץ נייע בלאָפּס און אַ אידענע בלייבט דאָך אַ אידענע. אָבער רבונו של עולם עס קען דאָך ניט זיין זי זאָל פערגעסען אז איך בין הונגעריג!...

שפּיוויי איז פערצווייפעלט און ווייס ניט וואָס צו טהאָן.

— גוט איווונינג מיסטער שפּיוויי! איז נאָך די מיסעס ניט געקומען?

— אָה מיסעס גרויזבערג, איהר זיינט עס! — שרייט שפּיוויי אוים — איך דאַנק אייך זעהר הערצליך — פּענעלע האָט מיר דערצעהלט, אז איהר האָט דאָ אכטונג געגעבען אויף די קינדער, אויב איהר וועט מיר מוחל זיין וועל איך אייך בעטען איהר זאָלט נאָך אַ ווײַילינקע דאָ זיין, און איך וועל געהן זעהן וואו מיין ראָזי איז.

— איך וואָלט עס אייך גערן געטהאָן מיין פריינד — זאָגט זי — נאָר איהר זעהט,, מיין מאַן קומט שוין פון שאָפּ, אָן געהט ער. איך דאַרף איהם געהן געבען עסען.

מיסטער גריזבערג, אַ יונגער מאַן, ניעדעריג געוואַקסען און אויסגעדאַרט קומט אריין זעהר טרויעריג.

— פון וואַנען האָסטו געוואוסט אז איך בין דאָ? — זאָגט מיסעס גריזבערג מיט אַ בעהאַלטענע שרעק, בעמערקענדיג זיין אומעדיגען פּנים.

— וואָס איז מיט דיר, שוין סלעק?

ער ענטפערט ניט.

שפּיוויי געהט איבער׳ן צימער מיט׳ן באַי אויף׳ן האַנד פער־צווייפעלט. ער האָט ניט בעמערקט, גריזבערג׳ס אריינקומען.

— וואָס האָט דיר געטראָפען ? — פרעגט ווידער מיסעס גריזבערג איהר מאַן.

— מיר גאָר ניט...

— נו אז דיר האָט גאָר ניט געטראָפען, צו וואָס ביזטו אזוי צוטומעלט ?

שפּיוויי איז געבליבען ווי פערשטארט.

— מיסטער גריזבערג — האָט ער געזאגט צוטרעטענדיג — זאָגט מיר אפשר מיין ראזי... זאָגט...

גריזבערג האָט געשוויגען.

— יא מיין ראזי ! ! ! וואָס האָט פאסירט.... זאָגט !....

— אַ שווערער וואָגען איז איהר אַריבערגעפאָהרען, און צו־בראָכעןביידע פיס.

— וועה איז מיר, וואו !... זאָגט מיר

— קאָרנער קלינטאָן...

און ווי אַ שווערע משא איז שפּיוויי'ס קערפּער צו דר'ערד געפאַלען און איז אין אונמאַכט געבליבען.



# מופען.

מאַן און פרוי האָבען זיך געזעצט צום טיש. א געוויין פון זייער טעכטעריל האָט זיך דערהערט אין האָל. די מוטער איז שנעל אַרויסגעלאָפען, און האָט דאס קינד אַריינגעבראַכט א שרייע־דיגע אין הויז.

— וואָס איז געשעהן ? — האָבען די עלטערען געפרעגט דערשראָקען.

— די קינדער... ע־ע־ע אי־אי־אי א־א־א האָבען מיר גערופען א—א—א שיני — האָט זי געיאָמערט.

די עלטערען האָבען זי איינגעשטילט, און בערוהיגט מיט גאַנ־צע פינף סענט.

* *
*

— וואָס איז דיין געזיכט מיט אמאָהל געוואָרען פערכמארעט?

— פרעגט זי — א נאָווינע, דאס קינד קומט מיט אזא יללה ? נעווער מיינד ! זי וועט עלטער ווערען, וועט זי זיך אויסטענה'ן מיט זיי.

זיין קינד'ס איצטיגע בכיה, האָט אין איהם מיט אמאָהל אויפ־געוועקט דעם וועהטאָג פון זיינע וואונדען... דעם שמערץ וואָס מאַטערט איהם טאָג און נאַכט.

— עס איז קיין נייעס, זאָגסטו, אונזער קינד זאָל אריין מיט א קלאָג, א געוויין ! ? — שרייט ער אויס מיט פייער — און טאַקע ווייל ניט דאס ערשטע מאָהל, ווערט מיין הארץ צושפּרונ־גען פון וועהטאָג. בעדענק זיך, עס איז יעצט וויינינגער אַלס דריי יאָהר, זייט אונזער קינד האָט אָנגעפאַנגען אַרויסגעהן אויף דער קליינער וועלט, און האָט שוין רדיפות, ווי מיר אין דער גרויסער וועלט... איך גלויב, אז עס איז שוין מעהר ניטאָ קיינע הייזער, אין וועלכע מיר האָבען ניט געמופט אַלץ צוליעב אונזער קינד און אי־בעראַל די זעלבע געשיכטע.

— דאס איז דיין שולד ! — זאָגט זי מיט פאָרוואורף — האָסט אליין געוואָלט מופען פון דעם אידישען געגענד. צווישען אידען לעבען, האָסטו אימער געשריען, איז דיר ענג, קענסט ניט פערטראָגען זייערע נארישע פיהרונגען, און איצט האָסטו דיר.

— אך דו נארישע אידענע ! און וואָס איז געווען אין אי־דישען געגענד ? אויך דאס זעלבע. באשר דאן האָב איך ניט געפיהלט, אָדער איך האָב זיך געמאכט ניט פיהלענדיג און ווען ניט אונזער קינד, וואָלט עס מיר היינט אויך ניט געריהרט. דאָר־טען איז אויך געווען דאס זעלבע וואָס דאָ. געדענקסטו יענעם אבענד ווען איך בין געקומען אהיים און אויף'ן רוקען פון מיין בגד איז געווען אויפגעשריעבען מיט גרויסע בוכשטאבען ״שיני״ ? געדענקסטו הערן שמידט, וועלכען איך האָב בעטראכט אלס מיין בעסטער ברודער אין יוניאן ? מאנכעס מאָהל פלעג איך איבער־טראכטען, דאס צווישען אידען איז זעלטען צו געפינען אזא מענ־שענפריינד, און וואָס איז די ענדע ? ווייסט אליין. איין גלאָז ביער האָט אראָפּגעוואָרפען פון איהם די מאסקע און זיין אמת'ר פנים האָט זיך ארויסגעצייגט. איך האָב איהם בלויז אויפמערק־זאם געמאכט ער זאָל ריידען אנשטענדיג אין דיין געגענוואַרט, האָט ער דאן אויף'ן טיש אלעם צובראָכען, זיין שטימע איז דאן הייזעריג געוואָרען שרייענדיג ״שיני״, אז עס האָט די גאנצע סטריט פערקלונגען. יענער ״שיני״ קלינגט מיר היינט אין די אויערן, דאס איז געווען ניט פון א פערטרונקענעם, נאָר פון אזעלכען וואָס האָט דעם וואָרט גוט געהאלטען אין געדאנקען ניכטערהייט...

די מוטער איז געזעסען פערטראכט, און דאס קינד האָט ווי מיט שרעק אָנגעקוקט דעם פאפא וועלכער רעדט עפּעס צו די מאמע מיט א העכערען קול ווי געוועהנליך.

טראאאק—טאק ! — האָט אימיצער אָנגעקלאפט אין טיהר.

ווען ער האָט געענטפערט ״קאם אין״ האָט זיך אריינגערוקט א דיק־געזעצטער מאן מיט א פּאאר שטאָלצע וואָנצען און מיט א בייזען בליק און מיט כעס געזאגט :

— איך בין אייך געקומען געבען נאָטיס, איהר זאָלט זיך זעהן אנדערע רומס און מופען פון דאנען נעכסטען מאָנאט.

— וואס איז די אורזאכע ? — האבעןביידע פערוואונדערט געפרעגט זייער לענדלארד.

— איך קען איבער אייך ניט פערליערען אלע טענאנטס — האט ער געענטפערט גראב — איך ליעב ניט עס זאלען פארקומען סקאנדאלען און אונרוהיגקייטען אין מיין הויז. אלע כסדר בע־קלאגען זיך אויף אייער קינד, אז זי פייהט זייערע קינדער. און איהר אליין האט אויך די וואך א טענאנט'ס א קינד אנגעשלאגען.

— מיין קינד, וועלכעס קומט אריין יעדע מינוט קלאגענדיג דאס זי ווערט פערפאלגט, מיין קינד גרייפט אן אנדערע ? און איך האב אויך די וואך געשלאגען א פרעמד קינד ? איהר מוזט מיר ענטשולדיגען, דאס איז א געמיינער ליעגען ! — האט ער פערצווייפעלט געשריען — איך בין צופריעדען ווען מען לאזט מיך צורוה, און איך בין זיכער, דאס מיין קינד טהוט אויך דאס זעלבע.

דאס קינד איז די גאנצע צייט געזעסען שטיל, נאר דערהע־רענדיג דאס ווארט "מופען", איז זי צוגעלאפען צום פאטער, און אויסגערופען :

— פאפא ! לאמיר מופען אט דארטען וואו דו ביזט מיט מיר אמאהל געוועזען אין געסט, האסט געזאגט דאס איז א אנקעל. די באיעס מיט די גוירלס זיינען דארט אזוי גוט. א צייט, א צייט האבען מיר זיך געשפיעלט און האבען מיר קיינמאהל גערופען שיני...

— דאטס רייט ! דאטס רייט ! — האט זיך דער לענדלארד צולאכט און איז ארויסגעגאנגען.

* *
*

דאס קינד האט נאך לאנג־געהאלטען דעם פאטער ארומגע־נומען. דער פאטער האט געקוקט אויף דער מוטער און האבען געטראכט וואו צו מופען....

# דער דאקטאר.

ציימען בייטען זיך.

דאס איז געווען די ערשטע וואך, וואס מיין פריינד האט ערהאלטען זיין דיפלאמא, וועלכע האט איהם בעשטעטיגט אלס דאקטאר מעדיצין.

דער חלום פון יאהרען האט איצט געדארפט פאר איהם פער־ווירקליכט ווערען.

פאציענטען האבען אבער נאך ניט אבגעשלאגען די טיהרען פון זיין אפיס, דער דאקטאר בעל איז געווען שטיל.

איין מאהל ווען מיר זיינען ביידע געזעסען פעראינטערע־סירט אין א געשפרעך, האט דער בעל געקלונגען. דער דאקטאר איז אויפגעשפרונגען און געלאפען צו דער טיהר, און פון דארט האב איך געהערט דאס יאמערען פון א פרויען־שטימע: "קומט דאקטאר! קומט רעטען מיין קינד!"

שנעל האט ער געכאפט זיינע אינסטרומענטען און געלאפען.

איך האב איהם דערמאהנט ער זאל זיין היטעל נעהמען.

א האלבע שטונדע שפעטער איז ער געקומען, אויף זיין גע־זיכט איז געווען צו לעזען צופריעדענהייט.

— מיר, דאקטוירים — האט ער געזאגט — זיינען דאך די נוצליכסטע מיטגליעדער פון דער מענשהייט. אט האב איך גע־רעטעט א קינד, געטרויסט א מוטער און איך אליין, פיהל עפעס שטאלץ אויף דעם.

וויסענדיג דאס מיין פריינד איז נאָך ניט ראקפעלער׳ס אָדער מאָרגאן׳ס פּארטנער, האָב איך א פרעג געטהאָן:

— נו, האָט מען עפּעס גוט בעצאָהלט?

— ווער רעדט פון געלד? — האָט ער מיר אָנגעקוקט ווי האלב בעליידיגט — דאָרט וואו עס האנדעלט זיך וועגען לעבענס־פראגען, וועגען געזונד, רעדט מען ניט פון געלד.

*　　*

*

מיט א פּאאר יאָהר שפּעטער, האָב איך מיין פריינד, דעם דאקטאר, ווידער בעזוכט.

און די בעל האָט ווידער געקלונגען.

און דער דאקטאר האָט זיך ניט געריהרט.

מאנכע האָבען קיין אנשטענדיגקייט, קיין בענעהמונג, זעהר אונציוויליזירט, אז זיי פאלען צו רינגען די בעל, איז עפּעס ווי צו א פייער אלארם.

אזוי האָט מיין פריינד, דער דאקטאר, וועלכער איז דער ״נוצ־ליכסטער מיטגליעד פון דער מענשהייט״ געזאגט.

— אז מען קלינגט — האָב איך זיך אריינגעמישט — איז געוויס א נויטפאל.

דער דאקטאר האָט לאנגזאם געעפענט די טיהר, און א מיטעל־יעהריגער מאן, בלאס ווי קאלך, איז אריינגעפאלען און האָט קוים געקענט אויסריידען:

— דאקטאר! גיכער! מיין פרוי געהט אוים!

דער דאקטאר האָט ביי איהם גענומען די אדרעסע פון זיין וואָהנונג און איהם פערשפּראָכען באלד צו קומען.

— אָבער, דאקטאר, גיכער ! — האָט זיך דער יונגער מאַן געבעטען.

— באַלד ! באַלד ! — האָט מיין פריינד איהם נאָך אמאָהל צוגעזאָגט און פערמאַכט די טיהר.

— ווי געהט עפּעס אין ביזנעס אין אַלגעמיין ? — האָט זיך דער דאקטאר צו מיר געווענדעט.

— וועגען דעם וועלען מיר שפּעטער ריידען — האָב איך געענטפערט, און איהם דערמאָהנט ער זאָל געהן גיכער צום חולה וואו מען האָט איהם יעצט גערופען.

— א ביליגער דאקטאר, דאַרף באַלד לויפען וואו מען רופט איהם — האָט ער מיר געגעבען צו פערשטעהן מיט שטאָלץ. אָבער איך האָב שוין אַ רעפּיוטיישאַן, און עס וואָלט זיין זעהר ניט שעהן, איך זאָל לויפען אַקוראַט ווי אַזעלכער וואָס האָט נאָך קיין ״קיים״ ניט געהאַט.

איך האָב שטאַרק אָנגעקוקט מיין פריינד, וואָס איז איינער פון די ״נוצליכסטע מיטגליעדער פון דער מענשהייט״ און האָב ביי זיך געטראַכט : צייטען בייטען זיך ! . . .



# דער שוויעגער'ס נחמה.

— ניין! איך וועל מיין קינד ניט מאכען אומגליקליך! פויר־לען זאָל מיין טאַטע אין דער ערד, דערפאַר וואָס ער האָט מיך גע־מאַכט פאַר א אידען. איך זאָג אייך שוויעגער נאָך אמאָהל אַז איך וועל אייך ניט הערען, אייערע רייד וועט גאָר ניט העלפען, איך וועל דאס קינד ניט מל'ען!

אזוי האָט מיסטער קינבאַק מיט'ן פולען אטהעם גע'טענה'ט צו זיין שוויעגער וועלכע איז איהם געקומען בעטען מיט הייסע טרעהרען ער זאָל מל'ען דאס קינד וואָס האָט נאָך איצט בעדאַרפט געבאָרען ווערען...

— זעה האָב רחמנות — האָט זי איהם געבעטען — ווייז מיר איינעם פון אונזערע לאַנדסלייט, ווייז מיר אַ אידען איינעם פון טויזענד וואָס זאָל ניט אידישען זיין קינד? אויב דו ווילסט עס ניט טהאָן צוליעב מיר, טהו עס כאָטש צוליעב מיין אַלטען עליו השלום. ער וועט אין קבר ניט איבערטראָגען. הלואי וואָלט איך מיין טאָכטער בעסער אַ לעבעדיגע בעגראָבען, איידער איך האָב זי דיר געגעבען.

— אַלע לאַנדסלייט אַלע אידען זיינען ווילדע פאַנאַטישע ברואים, איך האָב אויף זיי נישט וואָס צו קוקען, איך בין מעהר ניט קיין איד נור אַ מענש, איך בעהאַנדעל אַלצדינגג פון אַ וויסענ־שאַפטליכען שטאַנדפונקט, און איהר שוויעגער, באדערט מיר מעהר נישט דעם קאָפּ!

— גאָט איז מיט דיר, רובי! וואָס הייסט ביזט מעהר ניט קיין איד נור אַ מענש? איך פערשטעה דיך גאָר ניט, איז אַ איד דען ניט אַ מענש? דאכט זיך, די הייליגע תורה זאָגט דאָך, אַז דער ערשטער מענש איז געווען אַ איד? רובי, גאָט איז מיט דיר, וואָס רעדסטו עפּעס ווערטער וואָס איך... איך...

— שוויעגער, מאכט מיך ניט קראנק! אז איהר וועט מיך אריינברייגנגען אין כעס, וועל איך צוברעכען אלץ וואס שטעהט אויף'ן טיש אלץ, אלץ, איך וועל פון אלץ מאכען א תל — באדערט מיך ניט מעהר.

מיסטער קינבאק האט א שטארקען קלאפ געטהאן מיט'ן טיהר און איז ווי א ווילדע חיה בייז, ארויסגעלאפען.

די שוויעגער איז געבליעבען זיצען אליין.

"מיין אלטער אין קבר וועט עס ניט אריבערטראגען — האט זי יאמערליך געקלאגט — און אפשר איז איהם דארטען בעסער פון מיר? אז איך וואלט שוין דארט געלעגען וואלטען אפשר מיינע אויגען ניט בעדארפט אזעלכע צרות צוזעהן. וועה געשריען! וועה געשריען! מיינס א'ן אייניקעל, מיין טאכטער'ס א קינד, מיין בלוט און פלייש זאל ניט זיין גע'מל'ט! מיינס א'ן אייניקעל וועט וואקסען א גוי; אבער וואס זאל איך טהאן? רייד מיט גוטען, שריי מיט בייזען, עס העלפט ניט, ער האלט זיך ביי דאס זייניגע. ביטער איז מיר, פינסטער איז מיר, צו אזעלכע קלאגען האב איך בעדארפט קומען אין אמעריקא, מיין אלטער אין קבר וועט עס ניט אריבערטראגען".

אין בעד רום האט זיך דערהערט דאס זיפצען פון איהר טאכ־טער; די אלטע איז אהין אריינגעלאפען.

* *

*

אין לאפצעס קאפפע האט מיסטער קינבאק געפונען אלע זיינע גענאסען מיט וועלכע ער האט זיך אימער צוגעבראכט ביז נאך האלבע נאכט. לינא, זיין פרוי, האט איהם שוין זייט א פאאר וואכען געבעטען ער זאל בלייבען אין דערהיים, ווייל זי פיהלט שוואך... ער האט אבער מעהר פערגעניגען געפונען צווישען זיינע "דעבאטירענדע" בריעדער ביים קאפפע טישעלע.

א דארער יונגער מאַן מיט א בלאסע געזיכט און אויגען טיעף אריינגעגראָבען אין קאָפּ, האָט מיסטער קינבאק'ן צום ערשטען דער־זעהן און אויסגעשריען:

— העלא, קינבאק! עפּעס נייעס אין דערהיים...?

— דערווייל נאָך ניט. מיינע ווינט אונטער שטילינקער־הייד, אָבער זי זאָגט גאָר ניט, זי שעהמט זיך, נור די שוויגער מאַכט מיר דעם טויט. איך קען פון איהר ניט אריבערטראָגען.

— דאט'ס אָלל־רייט! — מאַכט א צווייטער פון די גענאָסען מיט א פעסטען טאָן — די יונגע וועט זיך איבערוויינען, די אַלטע וועט זיך איבערשרייען; דערפאַר אָבער וועט איהר פון א מאָראַ־לישען שטאַנדפּונקט ברייגנען א גרויסען אָפּפער פיר דער אַלגעמיי־נער בעוועגונג. און אין אנבעטראַכט דאס דער פאַנאַטיזמוס, מיט זיין אילוזיאָן אין דער פאָלקאָמענהייט פון קאָרופּציאָן, האַלט די מענשהייט ריקווערטס, מוזען מיר טרייען צו געהן פאָרווערטס. נידער מיט די מציצה'ניקעס, שוחטים, מוהלים! אוים מיט די עקספּלאָטאַטאָרס, בלוט־זויגערס — נידער . . .

דער חברה מאַן האָט זיך אזוי צוהיצט אז ער האָט גאָר ניט בעמערקט ווי זיין גלאָז קאַפּע האָט זיך אַרונטערגעגליטשט פון טישעל און דערוואַרעמט א פּאַאר פרעמדע הויזען אין וועלכע א פּוס האָט זיך א צאַפּעל געטהאָן...

— וואָס זאָגט איהר אויף דעם? — האָט זיך דער זעלבער געווענדעט צו א יונגען מאַן מיט א פּאָאר רוהיגע אויגען. דער לעצטער האָט פערוואָרפען דעם קאָפּ ארויף און מיט א שמייכעל געזאָגט:

— אין דער אמת'ן, וואָס האָט אזא זאַך צו טהאָן מיט דער אַלגעמיינער בעוועגונג? מילה איז אייגענטליך געשאַפען פון א מעדיצינישען שטאַנדפּונקט. מיר זעהען זעהר אָפט דאס פאָרזיכ־טיגע קריסטען אפּערירען זייערע קינדער אויף'ן זעלבען אַרט; ווידער, ווען מיר גלויבען אין מענשליכע פּערזענליכע פרייהייט,

איז אַ גרויסע עולה צו רויבען די פרייהייט און פערגעניגען פון אַ יונגע פרוי און אַן אַלטע מוטער. דאס איז מיין מיינונג וואָס איך האָב דאריבער צו זאָגען, און...

— גענוג, גענוג ! — האָט דער ערשטער איהם איבערשלאָגען — איך האָב גאָר פערגעסען אַז איהר זייט אַ שאָוועניסט אַ'ן אתה בחרתנו'ניק וואָס וויל פעראייניגען גלויבען מיט פערשטאַנד. פון אַזאַ אינדיווידאום ווי איהר און פון אַזעלכע פשט'לעך ווי אייערע קען די פרייהייטס־בעוועגונג גאַנץ ווענִיג פראָפּיטירען. פון אַ וויסענשאַפטליכען שטאַנדפּונקט אָבער, זאָג איך, דאַרפען מיר איין מאָהל פאַר אַלע מאָהל אַרויסרייסען און פערניכטען אַלע דמהייטען ביז'ן וואָרצעל.

* * *

— שעהמט אייך אין אייער ווייטען האַלז, איהר מערדער, איהר גזלן ! — מיט דעם פּזמון איז אַריינגעלאָפען אַ אידענע מיט'ן גרעסטען אימפעט און צוגעלאָפען צום טישעל וואו מיסטער קינבּאַק מיט זיינע קאַמעראַדען זיינען געזעסען — שעהמט אייך ! אין אַזאַ צייט זיצט איהר אין אַלע פרעמדע הייזער; איהר מענער, איהר זייט גזלנים, אַ פונק רחמנות איז אין אייער האַרצען ניטאָ. און אויף אייך מיסטער קינבּאַק — האָט זיא געליאַרעמט — וואָלט איך אַזאַ זאַך ניט געגלויבט. גיכער לויפט אַהיים, אייער ווייב האָט געבּאָרען — אַ מיידעלע.



# אַ'ן אַמעריקאַנער מלמד.

---

אין דער היים, דאָרט וואו איצע מענדעל האָט פערבראַכט דעם גרעסטען טהייל פון זיין לעבען, איז ער געווען אַ סוחר, אַ בכבוד'ער בעל הבית. דאָ אין אַמעריקאַ, איז אַנדערש פיר איהם ניט געווען וואָס צו טהאָן, ווי ווערען אַ מלמד.

איצע מענדעל האָט זיך לאַנג געמאַטערט, ניט צו בעגעגענען זיינע לאַנדסלייטע און האָט מיט אַלע זיינע שוואַכע קרעפטען געאַרבייט, צו קריעגען תלמידים פון אונבעקאַנטע עלטערן אַזעלכע, וואָס קענען איהם ניט פון דער היים.

צו זיין בעדויערן, האָט ער געהאַט אַ'ן אומגעלומפּערטען גראָבען אויסזעהן און האָט ביי אונבעקאַנטע קיין חן ניט געפונען. עס איז פיר איהם געבליעבען זיך ווענדען נור צו די לאַנדסלייט.

דאָ איז איהם אָבער דער "קנעלונג" אויך ניט אָנגעקומען אַזוי לייכט ווי מען זאָגט אָפּ "אַ שייטעל עברי".

מרס. גוטיכער, איינע פון די לאַנדס פרויען, האָט געזאָגט:

— ליעבער מיסטער איצע מענדעל, ווער קען אייך נאָך אַזוי גוט פון דערהיים ווי איך? איהר זיינט דאָך געווען איינער פון אונזערע שעהנסטע בעלי בתים, וואָס הייסט? עס וועט זיך פון מיר אָבצאַפּען טייכען בלוט יעדעס מאָהל, ווען איך וועל אייך זעהן לערנען מיט מיינע באָיעס, וואָס הייסט? איהר אַ מלמד! אָה וועה איז מיר! גלויבט מיר, איך וועל אייך בעסער געבען אַ דאָללאַר אויף מעטשעם ווערט אַ פעדלער, און גאָט וועט אייך העלפען.

איצע מענדעל איז פון מרס. גוטיכען אוועק מיט אַ פערוואונדעטע האַרץ צו מר. לאַפּאָווסקי, נאָך אַ לאַנדסמאַן.

— איך וועל אייך זאָגען — האָט לאַפּאָווסקי ערקלעהרט — איך בין זיעכר, אז איהר וואָלט זיין א גוטער מלמד אָבער אין די אָלד קאָונטרי. דאָ דאַרף מען קענען ענגליש, אום די קינדער זאָלען פערשטעהן וואָס מען לערנט מיט זיי.

און איצע מענדעל איז דאָך געוואָרען א ספּעציאַליסט אין זיין פאַך. פּאַסירט האָט עס דורך אַזאַ צופאַל

איין מאָהל, איז צו איהם אריינגעקומען א געזונטער יונגער־מאַן, און געפרעגט אין א געבראָכענעם אידיש:

— איהר אָט בינט א רעעבּי ?

— איך בין א גוטער מלמד — האָט איצע מענדעל געענט־פערט.

— אָט איך וויל, אָט איהר מיר לערנען זאָגען אָט קדיש, מיין פּאַפּא געשטאָרבען, איך אָט ניט ווייסט ווי. יו אונדערסטענד מי ?

איצע מענדעל האָט איהם אויסגעלערנט זאָגען קדיש און דער־פאַר פון איהם געקראָגען גאַנצע צעהן דאָללאַר.

מיט א טאָג שפּעטער, האָט דער מלמד ארויסגעשטעלט א סיין, וועלכער האָט געלויטעט בזה הלשון :

„איך לעהרען גרויסע בחורים
קדיש זאָגען, נאָך א טאַטען
צעהן דאָללאַר, נאָך א מאַמען 5
דאָללאַר, רבּנן קדיש א צוגאָב."



# אַ נאַכט אויפ'ן רוף

דעם אמת זאָגענדיג, האָב איך קיין חשק געהאַט צו געהן אויפ'ן רוף, אָבער די קליינע ברואים'לאך האָבען מיר קיין רוה גע־געבען און איך האָב געפיהרט מיט זיי אַ שרעקליכע מלחמה ביז זיי האָבען מיך בעזיעגט.

איך האָב געקענט אַלע טענאַנטס און האָב זיי אַלעמען געטראָ־פען אויפ'ן רוף.

עס איז נאָך געווען גאַנץ פריה. צוזאַמען ווי אַ כאַלאַסטרע ציגיינער זיינען זיי געזעסען און אונטערגעברומט בעקאַנטע ליעדע־לאך, אַנדערע זיינען שוין געלעגען אויסגעצויגען און געגענעצט זיך מאַטערענדיג איינצושלאָפען.

איך האָב זיך געלייגט נעבען קוימען, וואו אויסגעהאַנגענע וועש האָבען מיך פערשטעלט. איך האָב געוואָלט זיין אַליין. איך האָב געוואָלט נעהנטער זיך צוקוקען צו דער לבנה און פרעגען ביי איהר אַ גרוס פון יענע פעלדער מיט'ן גרינעם גראָז, פון קלאָהר קריסטאַלענעם טייעכלע, צו ער לויפט נאָך, צו ער זשומעט נאָך, פון יענע ברייטע טהאָלען און הויכע בערג ? איך האָב עס געוואָלט פרעגען אָט דאָ אויפ'ן רוף, וואו בלעך און ציגעל דיענען פאַר אַן אונטערבעט...

אויפ'ן רוף איז געוואָרען לעבעדיג. חברה האָבען צוזאַמען אויפגעזוכגען אַ גוט־בעוואוסטע ליעדעלע, דערנאָך זיך גוט צור־לאַכט. ווייבער האָבען געפּאַטשט בראַוואָ און געבעטען עס אי־בערצוזינגען און מיינע אומעדיגע געדאַנקען זיינען פערשוואונדען געוואָרען.

— חברה, געהט שוין שלאָפען, כ'לעבען שוין צייט. איהר זייט דאָך אַלע ארבייטער, כ'לעבען... — האָט אַ האַלב הייזעריגע שטימע געבעטען.

— היי, דשעק! דו דארפסט דאָך מאָרגען ניט אויפשטעהן!
— שרייט אוים איינער.

— א קליינע שמחה אויף מיר. הלואי וואָלט איך יע בעדארפט אויפשטעהן — ענטפערט דשעק — די מאמע בעט געלד, עס איז ניטאָ צו שיקען. יע א קליינע שמחה, א קלאָג צו קאָלאָמבוסען!

— אָט דאס הייסט א וואויל קינד, פערגעסט ניט די מאמען

— האָט מרס. גרינבערג געזאגט בתמימות — נעהמט אייך אראָפּ א מוסר, איהר ליידאקעס, איהר זייט צאצעליסטען. איהר געהט אין אַלע דרערד'ען און פערגעסט אייערע טאַטעס, מאמעס, אפילו א אידיש וואָרט צו זאָגען; אָבער דשייק איז טאקע א וואויל קינד, ער פערגעסט ניט א מאמען, גאָט זאָל איהם טאקע העלפען דערפאר.

— חברה, ווער וויל זאָגען נאָך מיסעס גרינבערג'ס דרשה א קדיש? — האָט איינער אויסגעשריען.

— יתגדל ויתקדש, זוויער־מילך אין א לאדעש, א הערינג מיט א קאָפּ, א הוהן מיט א קראָפּ — האָט איינער געענטפערט און עס איז געוואָרען א הורא.

ראבערט ליוויי, א יונגער קאסטימער פעדלער, וועלכער שטאָלצירט זעהר מיט זיינע שווארצע וואָנצעס און אויגען־גלעזער, האָט אויסגעשריען:

— מיסטער פּופּקינסאן! האָט איהר היינט געהערט, וואָס עס האָט זיך געטהאָן אין דער צווייטער הויז פון דאנען? א קינד, א בחור'ל פון א יאהר דרייצעהן, האָט געוואָלט שטעכען דעם טאַטען, גאָר מעשי איטאליענער...

— ווען? היינט? אין דער צווייטער הויז? — שרייען אוים עטליכע שטימען.

— טאקע היינט, ניט אין הויז האָט ער געוואָלט שטעכען, נאָר דעם טאטען אין האלז.

— פון אזא זאַך, מיינע פריינד, איז שוין ווייניג דאָ וואָס צו לאכען — האָט געענטפערט פּופּקינסאן, א מאן פון א יאהר

פערציג, פאר וועמען די טענאנטס האבען דרך ארץ געהאט — יע, מיינע פריינדע — האט ער געזאגט געלאסען — ווען מיר הערען אזעלכע נייעס, דערפיהלט מען א וועהטאג אין הארצען. א אי־דישעס קינד זאל האבען אזא ווילדקייט? שטעכען זיין אייגענעם טאטען? דאס איז שרעקליך! האט איהר עס ווען געהערט אין אייער אלטער היים? ווי ווייט איך געדענק, האט עס קיין מאהל פאסירט. איך זאג אייך דעם אמת, אז די פרייהייט מאכט די קינדער ווילד. איך זאג נור די קינדער, ווייל פאר דעם ערוואק־סענעם מענשען איז עס א ברכה. אונזערע טאטעס אין אמעריקא זיינען צו ביזי מדריך צו זיין קינדער ווי אין די אלד קאונטרי. ווען איהר וועט דארט ריידען מיט א אידען, וועט ער ריידען וועגען זיינע קינדער, פאר זיי לעבט ער, און די קינדער פיהלען זיך אויך מעהר צוגעבונדען צו די עלטערן.

— אזא יאהר אויף מיר ווי מיסטער פופקינסאן האט רעכט — האט אויסגערופען א מיעדע פרויען שטימע — די היגע קינדער זיינען טאקע שדים, הערט א מעשה: היינטיגע וואך געה איך מיר אזוי, איך זעה עס ליעגטס א פעקעל איינגעפאקטס אין רעכטען מיטען סטריט, איך האב געהאלטען מיין קינד אויף'ן האנד, פונ־דעסטוועגען האב איך זיך איינגעבויגען אויפהויבען, אז איך האב עס מיט צרות געבראכט אהיים, טרעפט וואס איך האב אין פעקעל געפונען!

— א פאאר אלטע הויזען! — שרייט איינער.

— בעזילבערטע דאיפערלאך! — שרייט א צווייטער.

— א פארציאן, דאס וואס המן האט געכאפט פון זיין פלונית'־טע — האב איך דערקענט ליוויי'ס שרייען.

— א נעכטיגער טאג — איהר וועט קיינער ניט טרעפען, אט הערטס, א פאאר אבגעשניטענע כאלאוועס פון גרינע שטיוועל מיט א היימישען טשיפעק.

עס האט אויסגעדונערט א געלעכטער.

— חברה כ'לעבען, זאָל שוין נעהמען א סוף, געוואלד האָט רחמנות און הערט אויף מאכען געוואלדען, שוין צייט צו שלאָפען.

— מיסטער קאפולאק האָט רעכט — האָט פופקינסאן צוגעגעבען — עס איז שוין טאקע צייט צו שלאָפען.

— זאָל דשייק זינגען, זיין נעכטיגע ליעדעל און געגוג — האָט איינער אויסגערופען.

— טאקע, טאקע, גאָ אהעד! גאָ אהעד! — האָבען אלע צוגעגעבען.

דשייק האָט געזונגען א אומעדיגע היימיש ליעדעל און אלע האָבען איהם אפלאָדירט.

ביסלעכווייז איז געוואָרען אויף'ן רוף שטיל ביז עס האָט זיך מעהר קיין קול געהערט.

דאָרט איז געוואָרען שטיל און אין מיין הארצען האָט זיך אויפגעהויבען א שטורעם. ווי פיעל הערצער בייגקען דאס נאָך דעם הויפעלע מענשען, וועלכע אטהעמען אזוי שווער דאָ אויף'ן רוף? האָב איך זיך געפרעגט; ווי פיעל טאטע מאמעס, ברידער שוועסטער, דענקען און טראכטען פון זייערע טהייערע געליעבטע, וועלכע זיינען פון זיי ווייט ווייט פערוואָגעלט? ווי פיעל טייכען שוויים האָבען עס די אלע, וועלכע שלאָפען דאָ, היינטיגען טאָג פערגאָסען? ווי ווייט זיי זיינען פון דער שעהנער נאטור!

נאָך און נאָך אזעלכע געדאנקען האָבען מיין מיעדען קאָפ געמאטערט ביז איך בין אויך איינגעשלאָפען...

* *

*

א געוואלדיגער רעגען האָט אונז אלעמען אין מיטען נאכט אויפגעוועקט. יעדער האָט געכאפּט זיין קישען און איז געלאָפען אין די רומס. אלע זיינען ארונטערגעלאָפען בשלום, נור דשייק האָט זיך אויסגעבראָכען א פוס פאלענדיג אויף די גליטשיגע שטיגען; ער האָט דאָך סיי ווי ניט בעדארפט "אויפשטעהן"....

# שומרי-שבת.

צערליסקי איז זונטאג פריה געקומען אין שאפ א צוקאכטער. די ביסעל שיטערע, שוואכע בלוט אין זיין קערפער, האט געפלאסען אין זיינע "אויפגעבופטע" בלויע אדערן...

ער האט זיך געזעצט צום מאשין ווי א גזלן, און האט געוואר־פען די באנדלעך אהן רחמנות. אלע בערדיגע אפערייטארס וואונ־דערן זיך.

— הפנים צערליסקי האט היינט געהאט א שטיקעל שמועס מיט זיין אלטעטשקע — בעמערקט אן אפערייטאר.

— איך רעכען, ער האט אנגעקוועטשט א פוס פון זיינע נייע שיך, מיט וועלכע איך האב איהם געזעהן פראנטעווען דעם שבת אין דשעקסאן פארק — זאגט א צווייטער.

— עס קען זיין, איהם ווילט זיך ווערען א באס — מאכט נאך איינער האלב שמייכלענדיג.

די לעצטע בעמערקונג, גרייכט שוין טיעף אין צערליסקי'ס אויערן.

— אויף כפרות באס־שמאס! — שרייט ער זיך פאנאנדער — איך וויל ניט זיין קיין באס, אלץ וואס איך וויל מיר זאלען אלע קריעגען די ווידשעס וואס מיר ארבייטען אויס. מיר זיינען אלע אלטע פערד. מילא בכן, אז מיר זיינען שומרי שבת, אז מיר ווילען ניט ארבייטען שבת דארפען פון אונז שינדען די הויט? דאס האט שוין גאט אויך ניט געהייסען!

אלע אפערייטארס, בעגרייפען אז צערליסקי האט רעכט. זיי ווייסען, אז זייער באס מר. לאוואיצקי וועלכער איז א גאנץ פרומער איד, עולה'ט זיי שטארק.

דאָך שווייגען זיי. שרייען, ליארמען פּאסט נור פיר די יונגע לייטלעך, די סאָציאַליסטלאַך; אָבער פאַר אידען מיט בערד, פאַר עהרליכע, פאסט ניט. מען דארף זיין צופריעדען מיט פיעל גאָט גיעט...

—מיינער א פלימעניק, וואָס פערשטעהט די ארבייט, ווייניגער פון מיר — ברומט צערליסקי — מאכט שוין אוים צוועלף דאללאר א וואָך. ער ארבייט שבת — רבונו של עולם, מיר ארבייטען דאָך דערפאַר זונטאג, פאר וואָס האָבען מיר אזוי ווייניג?

— מיר האָבען ווייניג דערפאר, ווייל אונזער באָס ווייס, אז מיר קענען לייכט קיין דשאב ניט קריעגען — ענטפערט אן אלטער אפּערייטאָר פון א קאָרנער מאשין — ער ווייסט גוט, אז דער וואָס וויל היטען שבת, איז צופריעדען צו עסען ביינער א גאנצע וואָך.

— ווער איז צופריעדען?... ווער...

די פראגע איז געקומען פון אייניגע, זיי וואָלטען געוויס נאָך וואָס גערעדט, נור דאס אריינקומען פון באָס, האָט זיי שטיל געמאכט.

— האָט איהר געגוג ארבייט ביז דינער? — פרעגט ער מיט א ווייך קול.

— אויף א זאַטען האלבען טאָג! — ענטפערן זיי בקול רם.

— ביז דינער, וועט מען ברייגגען נאָך ארבייט, טרייסט ער זיי.

— אללעררייט — קומט דער ענטפער, און די מאשינען פאנגען אָן קלאפּען מיט שטורעם און קיינער פּראָטעסטירט מעהר ניט... דער באָס איז דאָ....



# דער רעווערענד.

רעווערענד כהן האט פון דער שהיטה אליין קיין לעבען ניט געקענט מאכען. די מעמבערס פון זיין געמיינדע האבען געוואלט פאר „זייער געלד" דער שוחט זאל זיין א דרשן, א ספיקער, א לעהרער, א מסדר קדושין און א מוהל. כהן האט פערטראטען די אלע שטעלען „אין פוירפעקשאן" און האט דאך קיין גאנצען לעבען דערפון ניט געמאכט.

ער איז אויך געווארען א בוטשער.

די לעצטע בעשעפטיגונג האט איהם געמאכט אויסטהאן זיין סטאוו פייפ, די ווייטע נעקטיי און אלע בגדים וואס קענען פער־וואנדלען אפילו א סעקאנד הענדיגען אקטיאר אין א רעווערענד.

די פערשמוצטע און פערפלעקטע קליידער אין בלוט האבען איהם געמאכט, ער זאל ביסלעכווייז פערליערען די ווערטה ביי זיין קאנגרעגיישאן.

— סטיימש — האט מר. וואלקולאק געשריען — עס איז דאך א חרפה פאר קריסטען מיר זאלען האבען א רעווערענד אזוי שמוציג.

— א חילול השם ! — האט גע'טענה'ט מר. טייטעלבוים — די קריסטען וועלען צוזעצט ווערען פון געלעכטער, ווען מען זאגט זיי אז כהן איז אונזער רעווערענד.

די און נאך אנדערע פראטעסטען האבען געבראכט דערצו, אז מען האט גערופען א ספעציעלען מיטינג צו פערהאנדלען וואס צו טהאן מיט זייער רעווערענד, עס הייסט, ווי פון איהם פטור צו ווערען.

איידער עס איז געקומען צו ווייטע דיספוטען, האט א בריעף פון כהן, וואס איז געלעזען געווארען פון סעקרעטער געסעטעלט די גאנצע פראגע.

דער בריעף האָט געלויטעט בזה הלשון :

״צום פּרעזידענט און מיטגליעדער פון דער קאנגרעגיישאן ״אנשי בני בליעל'שאק !

״פיר די ברויט און וואסער וואָס איך האָב פון אייך פער־דיענט, האָב איך ניט געזשאלעוועט מיין הארץ מיט מיינע לונגען, פיר אייערע באָיעס, אין וועלכע איך האָב געוואָלט אריינבלאָזען א פונק אידישקייט. פיר די מיטלען, מיט וועלכע איך האָב קוים ערנעהרט מיין פאמיליע, האָט איהר פון מיר אַלעס פערלאַנגט ; עס האָט נאָר געפעהלט איהר זאָלט מיר אויך הייסען וואַרעמען די מקוה.

״שרעקליך איז פיר מיר געוועז, ווען איך האָב דאס ערשטע מאָהל אָנגעטהאָן א פארטוך, צו ווערען א בוטשער, צו שניידען פליייש, און אויסשטעהן קאפּריזען פון אַלע ווייבער. ווען איך בין שוין אזוי ניעדעריג געפאַלען, זוכט איהר ערשט, ווי פון מיר פּטור צו ווערען, על כן, דעריבער, לאָז איך אייך וויסען, אַז מיר זיינען אין א פרייער מדינה און עס העלפט ניט אייער לויז ווערען פון מיר. איך בלייב א היעגער, און אנשטאט אייער בוטשער מיט בזיונות, ווער איך א קריסטליכער בוטשער מיט ביזנעס. עס וועט זיך ביי מיר געפינען אויך אַלע חזיר פליישען און מכל טוב.

״איך בין פעסט איבערצייגט, אַז צווישען די עהרענווירדיגע מעמבערס געפינען זיך אייניגע וואָס ברויכען אָפּט א שטיקעל חזיר. איך וואָלט דאהער בעטען זייער פּאַטראָניידש און איך וועל זיי גוט בעהאַנדלען.״

— ווהאט דו יו טהינק אָף דהאט ! — האָבען די מעמבערס געקוועטשט מיט זייערע פּלייצעס, געהענדיג אהיים.

— הי איז אָלל־רייט ! — האָבען מאַנכע צוגעגעבען.

---

# אין חלום.

זרח משה'ל איז א געפעהרליכער אידעאליסט און זוכט זיין אידעאל צו פערשפרייטען. ער רעדט ביי פערזאמלונגען, מיטינ־גען, שוהלען, שוהלכעלאך, מנינים און מנינים'לאך. זיין ריידען איז מיט פונקען פייער, און מיט שטיקער הארץ. ער מאכט אויף דעם עולם א שטארקען איינדרוק. ער כאפט אפילו קלאגען פון זיין "הער־זשע נאר" וועלכע דערוואַרט איהם קוים אימער האלבע נאכט, און דאך שטעהט ער געטריי ביי זיין אידעאל.

און ער שטעהט און שרייט מיט קולות: "געוואלד ווי קענט איהר זיך רופען מענשען, ווען איהר זייט אין אזא מדרגה ווי בהמות. א בהמה ליעגט און מעלה גירה'ט אויף איהר שטרוי, און איהר אויף'ן קאסטען געלד. וואס איז דער אונטערשיעד פון שטרוי ביז געלד? אויף דעם אופן זייט איהר דאך נאך ערגער פון בהמות; זיי שטעלען זיך צופריעדען נור מיט שטרוי, היי, און גראז פון גאטעס ערד, אז זיי האבען דאך נים, קראפירען זיי אליין; און איהר מענשען, ווען געלד זאל אייך פעהלען, מאכט איהר יענער זאל בעסער קראפירען.

"רבותי, לאמיר זיך פעראייניגען, לאמיר נעהמען באמת טראכ־טען, לאמיר וויסען אז מיר זיינען מענשען, איך בין פארטיג פאר מיין אידעאל מיין לעבען אוועקצוגעבען".

* *

*

איין מאהל ווען זרח משה'ל איז הארט געשלאפען, שטארק אנגעמיעדעט פון א רעדע וואס ער האט געהאלטען פיר א פער־זאמלונג, האט זיך צו איהם בעוויעזען א מלאך:

"שרעק זיך ניט — האָט דער מלאך געזאָגט צו זרח משה'לען וועלכער האָט געציטערט ווי א בלאט — איך בין דער מלאך פון דיין אידעאל, איך בין א פּראדוקט פון דיינע טהאטען.

"קען איך וואָס בעטען?" — האָט משה'ל געמורמעלט.

"ניין, מיר קענסטו גאָר ניט בעטען, ניט קוק וואָס איך בין א מלאך, דו ביזט דאָך שטאַרקער פון מיר, און איך האָב דיר פריהער געזאגט, אז איך בין א פּראָדוקט פון דיר... דו ביזט מיין האר".

"פערקעהרט, איך וויל דיך וואָס בעטען" — האָט דער מלאך געזאגט.

"וואָס?" — האָט משה'ל געפרעגט.

דער מלאך האָט א שטאַרקען אטהעם געטהאָן און די לופט איז איבערפולט געוואָרען מיט א ריח פון בשמים.

"איך" — האָט דער מלאך אָנגעפאנגען — "איך האָב נעכ־טען געהערט ווי כביכול האָט געפרעגט דעם שטן, פון וואנען ער קומט און דער שטן האָט איהם געענטפערט, אז ער קומט משוט הארץ. דאַן האָב איך געהערט ווי כביכול פרעגט איהם צו ער האָט געטראָפען נאָך אזא עהרליכען מענשען ווי דו, וועמענס רייד עס זיינען געמאָסטען ריכטיג, און טהייער ווי גין גאָלד. דער שטן האָט אויסגעשטעלט א פייערדיגען צונג און ווי איך האָב פער־שטאנען, האָט ער געוואָלט מאכען פון דיר א תל. נו, דאָ האָב איך זיך ארויסגעשטעלט, און געבעטען אויב מען וויל דיך אויספּרובירען זאָל מען מיך שיקען. איצט האָט מען מיך געשיקט מיט דעם אויפ־טראג, איך זאָל ברייגגען דעם קליינעם פינגערל פון דיין האנד.

"עס וועט מיר דאָך וועה טהאָן!" — האָט משה'ל אויסגעשריען מיט שרעק.

"דערצו פערשפּרעך איך דיר, אז דו וועסט קיין וועהטאָג ניט פיהלען".

"צו וואָס דארף מען מיין פינגערל"? — האָט משה געשטא־מעלט.

"די מענשען, וועלכע ריידען איין מאהל ארויס פון זייער מויל דאס זיי זיינען פערטיג אבצוגעבען זייער לעבען פאר א גע־וויסע עדעלע זאך ווערען פערשריעבען אלס קאנדידאטען פיר ריכ־טיגע מלאכים. נאר איידער מען רעכענט זיי צו, צו די ריכטיגע ליסטע מוז מען זיי שטעלען פראבען. און זעהר אפט פערלאנגט מען א גליעד פון זייער קערפער".

"אבער, ווי וועל איך אויסקוקען מיט פיער פינגער?"

"דאס איז דיין ווילען אבער איך זאג דיר אפען, אויב דו וועסט דעם פינגעריל ניט געבען וועסטו פון דעם הייליגען בוך אויסגעשטריכען ווערען, דיין גייסט וועט אריין אין א ווילדע חיה... און די גאנצע נאטור וועט פיהלען צו דיר א שרעקליכען האס. איך בין דיין מלאך, און איך וועל שוין צוריק מעהר ניט געהן. איך וועל ווערען דא אויף דער ערד איינער פון די זינדיגסטע מענשען"...

"אבער, ווי איז דאס מעגליך... א פינגער... איך קען..

"אלזא, ווי דו ווילסט. זאג שנעל... דער מארגען שטערען קריכט שוין דארטען, איך דארף געהן אהין אדער אהער... זאג שנעל. דו גיעבסט? זאג! זאג! שנעל!"

"... ניין! איך גיעב ניט!" — האט זרח משה'ל געמורמעלט.

*    *

*

די פרוי און קינדער זיינען געשטאנען ביי משה'לס בעטעל און געפרעגט וואס האט ער אזוי געשריען. ער האט אויסגעשפי־גען דריי מאהל און געברומט: "ווייס איך וואס, פוסטע חלומות"...

---

# בענטאָן הארבאָר.

בענטאָן האָרבאָר איז דאס מעקקא פיר שיקאגאָ'ר אידען וואָס ווילען געניסען אַ אידישען ביסען אין אַ זומער פּלאַטץ. די מעהרסטע פון זיי קומען אהער אויף איין טאָג, אָדער פון איין באָוט ביז דער צווייטער — בערך אַ דריי שטונדען — אבי, געווען דעם זומער אין בענטאָן הארבאָר.

— צום שוואַרץ יאָהר זאָל דאס געהן — האָט אויסגערופען אַ דיק געזעצטער אידעל, ווען די באָוט האָט זיך אָנגעפאַנגען ריהרען פון דאק — איך האָב אַמאָהל געפּעדעלט מיט רעגס אין האבאקען, און האָב אַלע מאָהל געזעהן, ווי טויזענדער לייטע אויף גרויסע שיפען, פאָהרען נאָך יוראָפּ פיר פּלעזשור. צום שוואַרץ יאָהר, פיר זיי, די רייכע, איז אַלע מאָהל געווען שעהנע טעג, און ליכטיגע נעכט. אַז מיר, קבצנים, פאָהרען איין מאָהל אַ יאָהר אין בענטאָן האַרבאָר אויף איין טאָג, רעגענט עס ווי מיט עמער.

דער רעגען איז געווען אַ שטאַרקער. דער שטורמדיגער לייק מישיגאָן, האָט די באָוט געוואָרפען מעהר ווי געוועהנליך. אַלע זיינען פון דעק אַרונטער אין די פּאַרלאָרס. די קריסטען האָבען געטאַנצט, געשפּיעלט און זיך גלאַט היימלאַך געמאַכט. די אידישע פּאַסאַזשירען האָבען זיך פאָרמירט אין גרופּען, וואו הייסע דיסקוסיאָנען זיינען אָנגעגאַנגען.

דער דיקער איד, וואָס האָט זיך בעקלאָגט אויף'ן רעגען, איז געלאָפען פון איין גרופּע צו דער צווייטער. עפּעס האָבען זיך צו איהם ניט געקלעפּט די אַלע ריידעכצען. אַזוי לויפענדיג איז ער, ווען די באָוט האָט זיך אַ שטאַרקען שאָקעל געטהאָן, געפאַלען אויף אַ "שווערע" אידענע, וועלכע האָט זיך אויפגעכאַפּט פון אַ כראָפּענדיגען שלאָף.

— זייט מוחל — האָט ער אָנגעפאַנגען — איך האָב ניט געזעהן, מיר קבצנים האָבען קיין מזל, מיר...

— וואָס מזל, ווען מזל — האָט זי איהם אונטערבראָכען — ווער הייסט אייך אַרומלויפען ווי אַ וואַלקולאַק הין־און־הער?

ער האָט אַ שמייכעל געטהאָן און זיך צוגעזעצט נעבען צוויי קריסטליכע יונגע לייט.

— גיעב מיר אַ מעטש סאַלאַמאַן אייזיק! מיט די ווערטער איז דער דיקער אידעל בעגריסט געוואָרען פון איינעם פון זיי.

— איך האָב ניט — האָט ער זיך פערענטפערט מיר גרויס הכנעה.

— אַ סך קענסטו קריגען פון אַ ״שיני״ — האָט איינער פון די קריסטען בעמערקט.

דערביי איז געזעסען אַ האַלב־שלאָפעדיגער יונגערמאַן, וועמען דער וואָרט ״שיני״ האָט אויפגעוועקט. זיינע גרויסע שוואַרצע אויגען, האָבען מיט נייגעריגקייט געזוכט, פון וואַנען די בעליידיגונג איז געקומען. און זיינע אויגען האָבען זיך בעגעגענט מיט יענעמס וועלכער האָט מיט פעראַכטונג בעטראַכט יעדען אידישען פּנים.

— זיי נור אַ בריה און רוף מיר ״שיני״! — האָט זיך דער יונגער מאַן געווענדעט צום בעליידיגער.

— איך גלויב קוים, אַז דו ביזט איינער פון זיי — האָט ער געענטפערט — אויב יאַ געה צום טייפעל מיט זיי צוזאַמען.

אַלע, האַלב שלעפערדיגע און אין גאַנצען איינגעשלאָפענע, האָבען זיך אויפגעכאַפּט צוליעב דעם טומעל, וואָס איז געוואָרען, ווען דער האַלב שלעפערדיגער יונגער מאַן האָט מיט ניכטערע קלעפּ דעם קריסט געגעבען אַ אונערוואַרטעטען לעסאָן אין פהיזישע קולטור.

ווען בעאַמטע פון באָוט זיינען אַרונטערגעקומען, איז שוין געווען שטיל. דער דיקער אידעל איז נור געלאָפען צו יעדען דערצעהלען, ווי אַזוי דער יונגער מאַן אויף וועמען ער וואָלט אין זיין לעבען ניט געגלויבט, צו זיין אַ איד, האָט זיך אָנגענומען פיר'ן אידישען כבוד.



ווען די באָוט איז אָנגעקומען האָבען שוין קערידשעס געוואַרט אויף די אידישע געסט זיי צו ברײנגען אין די כשר'ע באָרדינג־הייזער. אויסגעמאַטערטע, אויסגעהונגערטע זײַנען די פּאַסאַזשי־רען אהין אַרײַנגעפאַלען און זיך געקוויקט מיט די אכילות וועלכע זײַנען געקומען מיט זיי אויף דער זעלבער באָוט — פון שיקאַגאָ...

גרויסע אַטרעקשאַנס פיר אַ גאַסט אין בענטאָן האַרבאָר איז ניט צו געפינען, אַ חוץ דאָס וואָס זיי "כאַפּען אַרײַן" אַ פּאָר בעדער. מען האָט ניט וואָס צו טהאָן. און דאָך טהוט זיך! מען געהט פון איין באָרדינג הויז צום צווייטען אויסגעפינען, פיעלײַכט געפינט זיך דאָרט אַ פרײַנד, אַ גוטער ברודער. מען שטודירט אויך מיט גרויס אינטערעסע די אכילות, וועלכע ווערען דאָרט סערווירט, און מען שפּיעלט אַ פּויקער. על פּי יושר איז דאָ וויכטיג צו דער־מאָהנען, אַז צום פּויקער, טרעפט מען דאָ ניט קיין אידישע פרוי זי זאָל אָנטהייל נעהמען אַזוי ווי אין די גאַנץ אָדער האַלב אַריס־טאָקראַטישע זומער־פּלעצער. אונזערע אידישע טעכטער, די געסט וועלכע קומען אהער נעהמען די בעדער, לעבען מיט האָפנונג צו זעהן זייערע מענער אויף שבת אָדער זונטאַג, און זאָרגען פיר כשר'ע אכילות.

דער זעלבער דיקער איד, וועלכער האָט זיך געלאָזט הערען אויף'ן באָוט, האָט אין אַ פּאָאַר שטונדען אויך געהאַט בענטאָן האַרבאָר אויף זײַנע שפּיצען פינגער. ווען דער דינער איז אָנגע־גאַנגען מיט'ן גאַנצען טאַראַראַם פון דער סאַמאַטאַכע אין קיטשען און דער געפּילדער פון די געסט, האָט מען דאָך געקענט הערען די געוואַלדיגע פּראָטעסטען פון דעם דיקען אידען.

— אַזעלכע הערינג, קריגט מען אויך אין שיקאַגאָ — האָט ער גע'טעטה'ט צו די אַנדערע געסט — מען דאַרף אָסור קומען אין בענטאָן האַרבאָר נאָך אַזאַ מציאה.

— לאַנדסמאַן, אויב אייך געפעהלט ניט די הערינג — האָט דער בעל הבית פון באָרדינג הויז געשריען — טאָ עסט ניט, אָבער

מאכט קיינע געוואלדען. ביי מיר אין האטעל, מוז מען זיך בע־הייוועז, איך האב פיינד אידישע "מאנקי ביזנעס".

דער שטארקער טאן אין וועלכען דער בעל הבית האט געצייגט זיין אויטאריטעט, האט אויפגערודערט נאך אנדערע געסט.

— ער דענקט ער איז א יחסן אין בענטאן הארבאר — האט איינער געשריען.

— אויך א מענש, אזא פאסקודניק, ער האט פיינט אידישע ביזנעס — האט א צווייטער אויסגעשטורעמט.

— אויב איהם געפעהלט ניט אידישע ביזנעס ,זאל ער האנד־לען מיט ציצית — האט א גוטמוטהיגער גאסט לאכענדיג אויס־גערופען.

נאך אזעלכע געשרייען, ערנסטע און האלב ערנסטע, האבען די גרויסע דייניג רום פערוואנדעלט אין א בבל, און דער שטורעם האט אנגעהאלטען ביז דער עולם איז פערטיג געווארען מיט'ן עסען.

א גרויסער געזעמעל איבער'ן וועג, ביי א צווייטען כשר'ן באארדינג־הויז האט געצויגען די אויפמערקזאמקייט פון די אקארשט אבגעגעסענע געסט, וועלכע זיינען באלד אהין אריבער און האבען אויסגעפונען וואס האט פאסירט.

מרס. מאלע גרינשטיין, א אידענע אין מיטעלע יאהרען האט בעהאלטען איהר דיימאנד רינג אין איהר סידור בעפאר זי איז געגאנגען זיך וואשען צום עסען, און ווען זי איז צוריקגעקומען, האט זי עס מעהר אין סידור ניט געפונען. די בערויבטע איז געשטאנען מיט'ן קאפ געבויגען צו דער ערד, און יעדער איינער האט אויסגעדריקט א טיעפען בעדויערען, א סימפאטהי, ווי עפעס א לעבעדיגע זאך האט א נשמה אויסגעבלאזען.

דער איינציגער וועלכער האט געשריען און געליארעמט איז געוועז דער בעל הבית פון באארדינג הויז אליין.

— בעצאהלט צעהן סענט פאר צוויי סיינס וואו עס שטעהט געשריעבען, אז איך בין ניט רעספאנסיבל פיר זאכען וואס מען גנב'עט — האט ער גע'טענה'ט — און דאך זיינען לייטע אזוי אונפארזיכטיג.

— ווער קען דען לייענען אייערע ענגלישע סיינס ? — האָט מרס. גרינשטיין געזאָגט מיט ביטערקייט — אין א כשר'ע באָר־דינג הויז דאַרף זיין אַזעלכע סיינס אין אידיש, מיר זאָלען אַלע קענען פערשטעהן.

און ווי פון אונטער דער ערד וואַקסט ארויס דער דיקער איד.

— מיסעס, איהר זאָלט וויסען זיין, אַז דאס גנב'נען פון רינג האָט מיט מיר גאָר ניט צו טהאָן. איהר האָט עס ביי מיר געקויפט אויף אָבצאָהלען און איהר וועט מיר מוזען דאס געלד אויסצאָהלען.

— ער איז א קאָסטאָמער פעדלער ! — קומט דער אויסרוף פון איינינגע.

— דאס וואָס איך בין — שרייט ער מיט קולות — אָבער ניט פיר אַזעלכע וואָס זאָלען פאָהרען אין קאָונטרי, זיך אויספיינען מיט מיין פראַצע !

א שטאַרקער רעגען האָט געמאַכט א סוף פון ווייטערע דיס־פוטען, יעדער איז געלאָפען צוריק צו זיין באָרדינג הויז, דער זעל־בער רעגען האָט אָנגעהאַלטען ביז מאָרגען פריה וואָס האָט יעדען בעגלייט צו געהן אַרבייטען אין דער גרויסער ביזי שטאָדט שיקאגא.



# די שטומע בעקי

דאס איז געווען אין א זומער פלאטץ וואו מיר האבען זיך בעגעגענט.

עס איז געווען א זונטאג פריה, ווען א בלאסער אונבעקאנטער יונגער מאן איז צוגעפאהרען צום האטעל. די איינציגע, וואס איז איהם געקומען בעגריסען, איז געווען די שטומע בעקי.

זיין בלאסער פנים האט אויפגעשיינט ווען ער האט זי דער־זעהן, אוןביידע צוזאמען האבען גליקליך און צופריעדען גערעדט און געענטפערט אויף די ״פינגער שפראכע״; ער איז אויך א שטו־מער געווען!

א ווײלע שפעטער, האבען אלע געוואוסט, אז די ביידע שטו־מע, זיינען חתן־כלה. די יעניגע וואס זיינען געווען מיט איהר בעפריינדעט, האט זי פאר דעם חתן פארגעשטעלט.

מיך האט זי אויך פערעכענט אלס איינעם פון איהרע פריינד.

איך האב צו איהר חתן געצייגט פריינדשאפט און דאס האט נאך מעהר אין איהר פערשטארקט א דאנקבארקייט צו מיר.

ווען מיר זיינען אמאהל געזעסען און פערבראכט אויף דער פלאזא פון האטעל האט זי מיר מיט א ליעבליכען שמייכעל געגעבען צו לעזען א בריעף ועולכען זי האט געשריעבען צו איהרע עלטערן.

״ליעבע עלטערן״ — האב איך געלעזען—״האב איך דען נעהנ־טערע ווי איהר וואס זאלען וועלען זעהן מיין גליק? איך פיהל אבער, אז מיט אייער יעצטיגען שריט, וועט איהר זיך און מיך פעראונגליקען אויף אייביג. ווי איך פערשטעה, ווילט איהר מיר חתונה מאכען מיט דעם יונגען מאן וואס קומט יעדען אבענד און פערשטערט מיין לעבען. איך האב אויך ערפאהרען, דאס איהר ווילט איהם געבען געלד, ער זאל געהן שטודירען מעדיצין, און דערנאך זאל איך זיין פרוי ווערען.

״גלויבט איהר, אז איך וועל קענען לעבען גליקליך מיט א מאן, וואס וועט קומען אונטער געזעלשאפט, וועט ריידען און זיך

פערבריינגען מיט אלעמען, און איך וועל זיטצען פון דערווייטען ? איהר דארפט אויך פערשטעהן, אז ער מיינט ניט מיין פערזאן, נור אונזער געלד. אפשר פערשטעהט איהר בעסער. אבער, איך לעז אין זיינע אויגען פאלשקייט און בעטרוג, און אויב אייער פערלאנג איז דורכאויס איך זאל איהם הייראטהען, וועל איך אייער ווילען טהאן און א קרבן ווערען..."

זי האט דעם בריעף פון מיר צוגענומען מיט אימפעט, באלד ווי איך האב איהם נור געענדיגט לעזען, און האט מיר אונטערגע־רוקט מיט א צופריעדענע געזיכט א צווייטען בריעף, געשריעבען פון איהר יעצטיגען שטומען חתן.

"מיין ליעבע בעקי"—האב איך געלעזען—"דיינע עלטערן זיי־נען געסטערן געווען ביי מיינע עלטערן, און דו ווייסט דאך שוין דעם רעזולטאט — מיר זיינען חתן־כלה. מיר ביידע און גאט אין הימעל, האבען שוין לאנג בעשטימט, אז מיר מוזען לעבען איינס פאר'ן צווייטען.

"איך בעט דיך, זיי ניט אין כעס אויף דיינע עלטערן, דער־פאר וואס זיי האבען אנדערש געוואלט טהאן. זיי האבען געוויס געמיינט דיין גליק. זיי, די רעדעוודיגע פערשטעהען אבער ניט אין וואס מיר שטומע קענען אונזער גליק געפינען. מילא זאל אונז ניט קימערען; צו מען פערשטעהט אונז יא, אדער ניט. מיר פערשטעהען זיך מיר ליעבען זיך.

"דער שיקזאל האט מיך פון דער ערד דערהויבען צו דער העכסטער שטופע פון גליק. פון אן עלענדען מענשען, בין איך געווארען פעראייניגט מיט דער ריינסטער שעהנסטער און בעסטער געזעלשאפט — דו אליין !

"און דאס וואס דער שיקזאל האט פון אונזביידען גערויבט, וועלען מיר עס צוריקקריגען דורך אונזערע געפיהלען..."

אין דער צייט ווען איך האב געלעזען די צוויי בריעף, האט זי בעאבאכטעט מיט דער גרעסטער שפאנונג מיין יעדען אויסדרוק.

ווען איך האב איהר די בריעף אבגעגעבען האט זי מיין האנד געדריקט און די בריעף געקושט . . .

# געפונענע בריעף.

''ידידי . . .

''איך בעט דיר דו זאלסט זעהען מיין זוהן, און איהם זאגען, ראשית, אז איך האב שוין די לעצטע קופערנע לייכטער אויף פער־קויפט, צו קויפען א לעבעל ברויט. מיין אלטע פערקלאגט מיר דעם לעבען, ווען זי דארף בענשען ליכט אין ליימענע לייכטער. והשנית, זאלסטו איהם זאגען, אז דער הוסט שטיקט מיך נאך מעהר און צייטענווייז בעווייזט זיך א שטיק בלוט פון הארצען. בכן, זאלסטו איהם זאגען, אפשר איז מעגליך ער זאל מיר שיקען א ביסעל געלד. איך האב געהערט, אז מיין זוהן האט ביי אייך א נאמען פאר א בעל צדקה און איז א פרעזידענט, איז דאך א סימן אז ער האט פרנסה בשפע, אפשר וועט ער אויף מיר רחמנות האבען. איך גלויב ידידי, דו מוזט געדענקען יענע נאכט, ווען דער פראסט האט געברענט, א ווינט האט געשטורעמט, האסטו מיך בעגעגענט טראגען עסען מיין זוהן אין טורמע. מילא די בזיונות, וואס איך האב איבערגעטראגען, איז דאך אבגערעדט. היינט דאס געלד, וואס ער האט מיר אבגעקאסט. און איצט וויל ער פון מיר ניט הערען. איך בעט דיך רייד מיט איהם איבער, ער זאל מיר מיט עטוואס העלפען.

''איבעריגע נייעס האב איך דיר ניט וואס צו שרייבען. אונ־זער שטעדטיל האט א נייעם פריסטאוו א שטיק המן. אלע טאג מוז מען רייניגען די גאס. אויף'ן פרייען פלאטץ לאזט ער מעהר ניט געהן... דעם קהל'שען האט ער פער'חתמ'עט, ווייל ער איז ניט ריין, אזוי זאגט ער. אבער מיר ווייסען דאך שוין די צוטשעפעני־סען פון די המן'ס.

איבעריגע נייעס האב איך דיר ניט וואס צו שרייבען. דעם הינקעדיגען פרוש פון דער קצב'ישער קלויז האט שטעדטעל התונה

געמאכט מיט'ן "הויקער" פון הקדש, זיי האָבען שוין א קינד. איצט זיינען זיי אלע דריי קראנק, און איך האָב ארבייט אלע מאנטאג און דאָנערשטאג געהן קלייבען פאר זיי. איך בעט דיר אויך, ידידי, זאָלסט זיך זעהען מיט מיין אמאָהליגען שוואָגער פון מיין ערשטע ווייב, עס קומט מיר פון איהם עטליכע רובל, און אזוי ווי מען האָט מיר געזאגט, אז זיין נאָמען איז געווען אין צייטונג אז ער האָט געגעבען א גרויסע נדבה פאר הונגעריגע, זאָלסטו איהם זאָגען, אז איך בין אויך הונגעריג. פון מיר ידידך המצפה..."

---

"מיין ליעבהארציגער מאַן...

"הלואי וואָלט מיין מאַמע זיך און מיר בעגראָבען, איידער איך האָב דיך דערקענט. וואָס מיינסטו האָסט עפּעס אָנגעטראָפען א לעמעלע? דיין גליק איז וואָס איך קען אליין ניט שרייבען, שוין דרייצעהן וואָכען האָסטו מיר א גראָשען ניט געשיקט. מיינסטו איך ווייס ניט אז אלע נאַכט דרעהסטו זיך ארום מיט שאָסע חנה באַשעס? משה האָט דאס געשריעבען, איך וואָלט דיך די אויגען ארויסגענומען. איך פרעג דיך וואָס האָסטו צו מיר, נאָ דיר די קינדער און א סוף. ניין, באַסקען וועל איך דיר ניט געבען ימח־שמו'ניק. פונדעסטוועגען בעט איך דיך באַלד ווי דו וועסט בעקומען מיין בריעף זאָלסטו מיר ארויסשיקען אביסעל געלד. איך האָב ניט קיין אנדער מאַן וועמען צו בעטען. איך בעט דיך מיט טרעהרען, פערגעס ניט אונזערע קינדערלאך. מינעלע דערמאָהנט דיך אלע טאָג. דו זאָלסט הערען ווי זי זאָגט ברכה, וואָלסטו זיך מחיה זיין. איצקע קען שוין דעם גאנצען אלף־בית. יענטקע האָט איין ארבייט צו ברעכען כלים, און איך האָב געמוזט די פסח'דיגע פון בוידעם פארניצען. זוסע דעם מלמד'ס ווייב איז געשטאָרבען, און ער האָט חתונה געהאט מיט חיים דעם קצב'ס מויד. איך וואָלט דיר מיין טהייערער מאַן אלץ ארויסגעשריעבען, נור דער אונגליק איז אז איך דארף אָנקומען צום צווייטען. אויף ווינטער

האָב איך געשטעלט בוריקעס, קרויט, מיט צוויי פעסלאַך אוגער־קעס. די אוגערקעס זיינען געראָטען, זיי קוקען זיך דורך. הלואי קען איך דיר אַ פּאָאר צושיקען. יע, מען האָט מיר געהייסען ביי דיר פרעגען, צוויי זאַכען: ערשטענס, אויב דאס איז אמת, אז ראובן דער פרוזירער איז אין אַמעריקא אַ דאקטאר, צווייטענס, אויב משה דער סאָלדאַטסקער שיינקער, איז אין אַמעריקא אַ חזן?

״שלום פסח די שלורע, האָט גע׳מסר׳ט חיים דעם באָרפיסען, אז ער מאַכט בראַנפען, דערנאָך האָט חיים גע׳מסר׳ט אז שלום פסח האַלט צו פערקויפען שמעק־טאַבאַק אָהן אַ בילעט. איצט זיצען זיי ביידע אין טורמע געשלאָגען, האָט מען זיי געשמיעדט ווי ריכטיגע אַרעסטאַנטען. ווען איך וואָלט געקענט שרייבען, וואָלט איך דיר אויסגעשריעבען ווי אַזוי מען האָט דאָ געכאַפּט דעם יונגען פרוש זיך באָדען אום שבת, און ווי אזוי מען האָט איהם געשמיסען מיט קראָפּעווע. זיי מיר ניט חושד מיין מאַן, איך בין דערביי ניט געשטאַנען... איך האָב געהאַט נאָך פיעל נויטיגע זאַ־כען דיר צו שרייבען, נאָר אַ פרעמדען קען איך ניט זאָגען. זיי געזונד און לעב אין פערגעניעגען. נישט־קשה איך בין נאָך ניט אזאַ נאַר, איך זאָל גלויבען אז דו שלעפּסט זיך אַרום מיט פרעמדע. איך וואַרט אויף דיין בריעף זעהר גיך. די קינדער שיקען דיר טויזענד קושען. פון מיר דיין...״

---

״ליעבער ברודער...

״זאָג אַליין, צו וואָס־אַרא קלאָגען האָבען מיר געדאַרפט אהער ברייגגען אונזער אַלטען טאַטען? פון מיינעטוועגען וואָלט איך שוין אַלע קאפּריזען פון איהם איבערגעטראָגען. דער אונגליק איז אָבער, וואָס מיין מערי האסט איהם ווי דעם טויט. מיינסטו

אפשר אַז עס איז איהר דאָ אַ סך צו פערדריינקען! זי איז דאָך גע־באָרען אין אַמעריקא, און עס איז פון איהר אַ קליינע עולה, ווען זי קען ניט פערלײדען זיין שמעקען טאַבאַק ביים טיש. מילא דער שמעקען ווי דער שמעקען, דערנאָך נעהמט ער ניסען און בע־שפּריצט דעם גאַנצען טישטוך מיט׳ן עסען. מערי נעהמט שרייען ״דשיזוס קרייסט!״ און אַזוי ווי דער טאַטע ווייס שוין, אַז דאָס מיינט יאָסקע פאַנדרע, שילט ער איהר מיט טויטע קללות פאַר וואָס זי דערמאָהנט אַזאַ טריפה׳נעם נאָמען, נו ווערט עס אַ גאַנצע סומאַטאָכע.

״פאָריגע וואָך האָב איך ביי איהם גע׳פּועל׳ט ער זאָל אוועק־געהן אויף אַ גאַנצען טאָג אין שוהל. עס האָט ניט גענומען אַ האַלבע שעה, און ער איז געקומען צוריק אַ צוקאָכטער, מיט אַ ליארעם, אַ געפּילדער. וואָס איז? אַזוי ווי ער איז געזעסען אריינ־געבויגען זיין קאָפּ אין אַ ספר און געלערנט, האָט ער בעמערקט ווי דער שמש קושט זיך מיט דער איירישער גויה, וועלכע קומט אַלע ערב שבת קלינען די שוהל.

מיין מערי זאָל געזונד זיין, וואָס איז געבאָרען אין אַמע־ריקא, האָט זיך פון דעם צולאַכט. דאָס האָט זיין צאָרן נאָך מעהר אויפגעבראַכט נו, נו, דאַפסט שוין גאָר ניט פרעגען, מיר איז געוועז פינסטער און ביטער.

״ער בעט זיך פאָהרען צוריק אהיים. ער שרייט, אַז ער ועט די מאַמעס קבר ניט פערבייטען אויף גאַנץ אַמעריקא..

״גיעב מיר אַן עצה וואָס זאָל איך טהאָן מיט׳ן אַלטען?

״דיין ברודער...״

---

״מיין געליעבטער!

״ביי מיין מאַן האָב איך שוין גע׳פּועל׳ט איך זאָל ארויספאָה־רען אין קאָונטרי. עס איז מיר אָנגעקומען אפילו שווער און ביי־טער, אָבער דאָך מיינס אויסגעפיהרט.

״די עלטערע קינדער, לאָז איך אין דער היים... איך וואָלט אפשר ביי איהם דאָס ניט אויסגעפיהרט, נאָר דיין עצה, איך זאָל בעטען דעם דאָקטאָר ער זאָל איהם סטראשען אז מיין געזונד איז שוואַך, האָט געהאָלפען.

דאָרטען וועל איך זאָגען אז מיינער א ברודער דאַרף קור-מען. זאָלסטו אויך דאָס זעלבע טהאָן, ווען דו וועסט קומען. מיין אַלטער וועט ווי עס ווייזט אויס, צו מיר אריבערפאָהרען שבת, אָדער זונטאג... איך ווייס גאַנץ גוט, אז די ביידע טעג זיינען פאַר דיר די בעסטע, אָבער וואָס קען מען זיך העלפען? איצט הויבט זיך אָן צרות איידער איך וועל נאָך דעם גראָשען פון איהם ארויסצי-הען. ער מאַכט איצט אפילו זעהר שלעכטע ביזנעס, נור וואָס ארט דאָס מיר, זאָל ער נעהמען פון די בּיינק.

זיין טאָכטער עני, האָט זיך היינטיגע וואָך ארומגעפיהרט מיט א יונגען מאַן און אז איך האָב דערזעהן ווי ער פריינדעלט זיך צו איהר צו שטאַרק, האָב איך איהם געוויעזען דעם וועג. זי האָט אפילו זיך בעגאָסען מיט כשרה טרעהרעלעך, נור וואָס קימערט עס מיר? דער אַלטער איז געקומען פון ביזנעס, האָט ער הערצליך מיר געדאַנקט דערפאַר וואָס איך גיעב אכטונג אויף זיין טאָכטער.

״מיין טהייערער, מאָרגען פאָהר איך ארויס.

״דיין . . .״



# די קאַלירטע וועלט

אַ בליק מיט'ן אויג,
אַ שטרייך מיט'ן פּעז,
צו גוט צו שלעכט,
אַבי ס'איז געשעהן.

# אין באַרבער שאַפּ.

א צושראָקענער, זעצט זיך חיים פייוועל אין באַרבער טשער אריין. די ווענד זיינען בעדעקט מיט שפּיגלען און וואו ער קעהרט זיך, זעהט ער נאָך א חיים פייוולען... אין דער היים זעהט מען ניט אזעלכעס. אין דייטשלאַנד וואו ער איז מיט צוויי וואָכען צוריק דורכגעפאָהרען ״געהענדיג״ נאָך אמעריקא, האָט ער עס, דאַכט זיך, אויך ניט געזעהן.

דער באַרבער רעדט צו זיין זוהן עפּעס א מין ״קעלבערנעם לשון״... דער באַרבער שמייכעלט און דער זוהן פינטעלט מיט׳ן אויג . . .

דאס שערל לויפט און קלינגט איבער חיים פייוועל׳ס קאָפּ און שניידט אָהן רחמנות זיינע גראָהע האָר געוואַקסענע אין א ווייטען לאַנד... ער פיהלט א שוידער איבער׳ן גאַנצען קערפּער און זיין האַרץ קלאַפּט... ניטאָ קיין פּאות . . .

— טשעפּעט ניט מיין באָרד ! — שרייט דער אלטער אויס אין פערצווייפלונג ווען דער באַרבער נעהמט זי אָן

— טאַטינקע, זאָלסט געזונד זיין — מישט זיך אריין דער זוהן — קענסט מיט אזא גרויסער באָרד ניט געהן אין סטריט מען וועט דיך פערשטיינען, מיר וואָהנען אין א קריסטליכען געגענד. אָט נור א קליין ביסעלע בעפּוצען, אָט מעהר ניט ווי די לאַנגע עקען ארומכאַפּען, מעהר ניט . . .

— קינד מיינער — בעט זיך דער אַלטער — אויף מיינע אַלטע יאָהרען, וועה איז מיר... איך האָב עס קיין מאָהל ניט גע־טהאָן... וועה איז מיר !

— אָט נור א קליין ביסעלע בעפּוצען, אָט נור די לאַנגע עקען, צייגט אָן דער זוהן דעם באַרבער וועלכער נעהמט זיך צו דער אַרבייט . . .

שטיקלאָך ווייס־גראָהע האָר פאַלען צו דער ערד און ווערען בענעצט מיט קלאָהרע הייסע טרעהרען פון אַלטען׳ס אויגען . . .

# נקמה

שוין אין צוויי הייזער האָט מען זאַקאָוויצען געזאָגט: מיר פערענטען ניט אונזערע רומס צו אידען.

מען וואָלט איהם געשניטען "גליעד פיר גליעד" וואָלט ער אַזוי פיעל יסורים ניט געהאַט ווי פון אַזאַ ענטפער. ער איז איצט שטאַרק מקנא די אידען וואָס האָבען אייגענע הייזער, בעלי־בתים פאַר זיך. ער האָט נאָך אָבער ניט די מעגליכקייטען צו קויפען אַן אייגענע היים און דאַרף ליידען . . .

ער בעמערקט א "טו לעט" און ציהט דעם גלאָק. א דיקער קריסט קומט אַרויס.

— קען איך דיינע רומס בעטראַכטען ? פרעגט איהם זאַקאָוויץ.

דער קריסט דענקט נאָך א ווײַלע און פרעגט געלאַסען:

— קען איך וויסען דיין נאשיאָנאליטי?

— איך בין א איד! — רופט אוים זאקאָוויץ מיט שטאָלץ און מיט א קלאפּפענדע הארץ.

דאן טהוט מיר זעהר לייד — זאָגט דער קריסט — מיר פּער־דינגען ניט אונזערע רומס צו אידען.

— איצט פערשטעה איך ווארום יעזוס אייער גאָט איז גע־באָרען געוואָרען אין א שטאהל — האט זאקאָוויץ אויסגערופען מיט טריאומף — זיין אידישע מאמע האָט ווייזט אוים ניט געקענט קריגען קיין רומס! . . .

# דער מיסיאָנער.

עס איז נאָך האלבע נאכט. דער מיסיאָנער ליוויי געהט פון זיין מיטינג לאקאל ארוים.

זעהר פרעהליך אויפ'ן הארצען איז איהם ניט. ער האָט פאר דעם היינטיגען טאָג געמאכט א רייכען פּראָגראם, פון זינגער, שפּיעלער מיט גרויסארטיגע רעדנער. אליין האָט ער אויך פאָרבע־רייטעט א שטארקע דרשה און די "הארטנעקיגע" אידען זיינען דאָך ניט געקומען.

פון די פרומע קריסטען, וועלכע גיעבען זייערע טויזענדער דאלארס צו רעטען אידישע נשמות, בעמערקט ער זעהר אָפט אן אונצופריעדענהייט, עס איז זיי אויך ניט צו פערדענקען, ווייל פיר

זייער געלד בעקומען זיי גאָר קיין סחורה... זיין איירישע פרוי מערי, געפינט אויך אין איהם וואָס אמאָהל מעהר חסרונות...

"אַ געטויפטער איד איז דאָך נישט קיין געבאָרענער קריסט",
זאָגט זי גאַנץ אָפט.

"איז עס אמת פאפא אַז די שינים זיינען דיינע בריעדער?"
— האָט איהם זיין זעקס יעהריגע מארטהא געפרעגט.

ער הערט דאס אָנקומען פון אַ קאַר און איילט זיך צום קאָרנער.
פלוצלונג בלייבט ער שטעהן.

דער זינגען פון אַ חזן מיט משוררים פאראליזירען איהם...

די שטימען קומען פון אַ צווייטען פלאָאר, וואו עס איז זעהר ליכטיג, און פערהילכען דעם גאַנצען בלאָק.

קארס לויפען פערביי נור ער הערט ניט. זיין האַרץ, זיין נשמה זיינען אויף'ן צווייטען פלאָאר, דאָרט וואו מען זינגט...

און זיסע עראינערונגען פון זיינע קינדער יאהרען נעהמען איהם אַרום...

# דער „מוהר"

"מעעעעצעס!" רופט ער אוים מיט אַ שוואכע שטימע. מען האָט איהם אָנגעזאָגט, ער זאָל שרייען הויך. נאָר דער אטהעם פערכאַפט איהם און ער קען ניט.

"מעעעעצעס, רופט ער אוים אביסעל העכער. אַ דיקע אי־

דענע געהט פערביי סאַפּענדיג, קוקט איהם אָן און מורמעלט: ״אַ גרינער״.

ער פערשעהמט זיך, ער געהט ארונטער פון סיידוואָק און קוקט צו דער ערד.

פיעבריש טאַפּט ער די קעסטעלעך מעטשעס אין קערבעל וואָס הענגט איבער זיין האַלז און רופט אויס: ״מעעצעס!״

— וואָס קאָסט אייערע מעטשעס, יונגער מאַן ?

דער וואָס פרעגט איהם איז ״אַ היימישער איד״.

— ווי פיעל איהר וועט געבען — ענטפערט ער.

— ניין, מיין פריינד — מאכט דער איד — דאָ אין אמע־ריקא שנאָרט מען ניט; ״ביזנעס איז ביזנעס״. זאָגט ווי טהייער עס קאָסט און איך וועל אייך בעצאָהלען.

— איך ווייס ניט... עס קאָסט פינף סענט — זאָגט דער גרינער ציטערענדיג. דער איד בעצאָהלט איהם און געהט אוועק.

״אַ מאָדנע מדינה״, טראכט דער גרינער. ״מיינע לאנדס־לייט האָבען מיר אָנגעזאגט איך זאָל זאָגען ״פיעל איהר וועט געבען״ און דער איד האָט מיך גאָר געפרעגט ווי טהייער עס קאָסט.

״מעעצעס!״ שרייט ער יעצט מיט מעהר מוטה.

# א שטיין פון הארצען.

די קאר לויפט און ער קוקט ארויס אין סטריט צו זעהן די נומערען פון די הייזער; נאך איין בלאק און ער איז שוין אויף'ן ברית.

דאס הארץ קלאפט אין איהם פעסט. דאס וועט זיין דאס ערשטע קינד וואס ער וועט מל זיין. געזאגט האט ער אז ער איז שוין אן אלטער מוהל. ער איז געצוואונגען געווען צו זאגען דעם ליגען.

''ווי וועל איך אבער קענען דאס ערשטע מאהל דורכפיהרען אזא ארבייט? עס איז א ריזיקע!'' רוישט איהם אין קאפ.

און די קאר לויפט שנעל. ער איז שוין דאס הויז פערביי מיט איייניגע נומערן.

''נו, א דאגה, וועל איך געהן א פאאר בלאק; איך וועל דער-ווייל צייט האבען זיך צו שטארקען'', טראכט ער ביי זיך.

אין הויז קומט איהם דער בעל ברית אנטקעגען און זאגט:

— די קינדפעטארין איז קראנק און די בייבי איז שוואך. מיר האבען דעם ברית אבגעלייגט פיר א וואך שפעטער.

דער מוהל פיהלט ווי א שווערער שטיין פאלט פון זיין האר-צען ארונטער . . .

# דער ערשטער טאָג.

די אנדערע צוויי באָרדערס עסען מיט אפּעטיט זייער סאַפּער, נאָר ער האַלט נאָך זיינע הענד אין אַ שיסעל קאַלטע וואַסער . . .

אין דער היים איז ער געווען אַ בעל־הבית'יש קינד, אַ זיידע־נער יונגער־מאַנטשיק, האָט געלייענט דעם "הצפירה", געראויכערט באָגדאַנאָוו'ס פּאַפּיראָסען, און געשטיעפט מיט די פּרושים און קלויזניקעס אין אַלטען בית המדרש. אויף אָנבייסען און וועטשערע האָט ער ניט בעדאַרפט זאָרגען; ביים טאַטען אין הויז איז געווען מכל טוב. די מאַמע וואָלט איהם דעם טעלערעל פון הימעל אויך דערלאַנגט.

ער איז דעם ערשטען טאָג אין אַמעריקא. האָט היינט געהויבען שווערע שטיקער אייזען און געשלעפּט בערג אַלטע פּערראָסטעטע בלעך. מיט געשוואָלענע הענד איז ער היינט געקומען און קיהלט זיינע ברענענדיגע וועהטאָגען אין אַ שיסעל קאַלטע וואַסער. וואַסער.

—·· ווי געפעהלט אייך עפּעס אַמעריקא? אַ יאָ, מען דאַרף דאָ אַרבייטען — מאַכט צו איהם איינער פון די באָרדערס — ניטאָ קיין יחסנים אין אַמעריקא, אַלע אויף דיעזעלבע קלאָגען, מען דאַרף אַרבּייטען שווער און ביטער.

די געשוואָלענע הענד האָבען אין שיסעל אַ ציטער געטהאָן...

— נעוועך מיינד — רופט זיך אָב די מיסעס גאַנץ ברייטלעך, מיט אַ טאָן, ווי זי וואָלט האָבען גאַנץ אַמעריקא אין פּאַקעט — דער וואָס איז געווען אַן איידעלער מענש אין דער היים, אַרבייט זיך דאָ אויך אַרויף. נור גרינערהייד דאַרף מען ליידען . . .

דער גרינער פיהלט, אַז די וואַסער אין שיסעל ווערט לעבלאַך...

— וואָס טויג אייך אַ מענשען צוזאָגען גאָלדענע בערג —

בעמערקט דער צווייטער באָרדער מיט א פולער מויל — וואָס אייִ־דעלער מען איז אין אמעריקא אלץ מעהר צרות כאפט מען אריין . . .

אין דער מינוט איז די שיסעל אראָבגעפאלען און די וואסער האָט זיך אויסגעגאָסען איבער'ן גאנצען רום.

דער גרינער שטעהט ווי א פערלאָרענער, די באָרדערס לאכען און די מיסעס בורטשעט :

— ס'איז פון די גרינע באָרדערס ניט אריבערצוטראָגען . . .

# דאנקבארקייט.

די טרעמפס זיינען געשטאנען ביים קאָרנער, און אטאקירט יעדען פערבייגעהענדען. מעהר פון אלעמען האָבען פון זיי געכאפט „אָבגעשניטענע יאָהרען" די בערדיגע אידען.

— מייק ! — מאכט איינער פון דער באנדע צו א צווייטען מיט א פּאָאר אונטערגעקלאפּטע אויגען — אָט קומט א רעגעלער שיני, גרייט צו דיינע פינגער, מיר דאכט אז זיין באָרד דארף זיין גאנץ געדיכט.

— אויב דער באָרד איז ניט געדיכט וועלען מיר ביי איהם לייהען א פּאָאר באק צייהנער — לאכט מייק און קוועטשט מיט זיינע פערשוואָלענע אויגען.

אָן אלטער איד, קוים דערגעהענדיג קומט ארויס פון צווייטען זייט קאָרנער.

דער ערשטער גיעט א פייף, און מייק מיט נאָך א פּאָאר חברה גיעבּען זיך א לאָז צום אידען וועלכער ווערט דערשראָקען.

— סטאָפּ! — גיעט מייק א קאמאנדע — איהר זאָלט דעם אלטען ניט בעריהרען, ער איז אָלל־רייט!

דער אלטער פערשטעהט אז מייק האָט איהם דאָ פערטהיי־דיגט. ער שטארקט זיך, און געהט אוועק שנעל.

— דער אלטער איז אָלל־רייט — מאַכט מייק צו זיינע "בּריע־דער", וועלכע וואונדערן זיך ווארום ער האָט זיי געשטערט פון האָבען שפּאס — ער האָט מיר מיט אייניגע טעג צוריק, ווען איך בין געווען הונגעריג ווי א הונד געגעבען א שטיקעל ברויט מיט קאפע . . .

# א גוד בּאָי.

---

נאָך סאפּער.

ליוויי ציהט זיך אויס אויף דער סאָפא און רופט צו זיך דעם אכט יעהריגען סעם'ן.

דער בּאָי קומט צו.

— סעם — זאָגט ליוויי — מאמע האָט מיר דערצעהלט, אז דו האָסט דעם גאנצען טאָג געקעהרט מעשים. אויב דו וועסט זיך ניט בעהייווען, וועל איך דיך שיקען אין רעפאָרם סקוהל.

— איך האָב גאָר נישט געטהאָן, נאָר געהאט אביסעל פאָן — כליפּעט דער בּאָי.

ליוויי ווערט אַביסעל ווייכער.

— אויב דו וועסט זיין אַ גוד בויעלע — זאָגט ער צו סעם'ן — וועל איך דיך שיקען אין הײַ־סקוהל, אין קאַלעדש און דערנאָך וועסטו זיך לערנען צו זיין אַ דאקטאר. איך וועל פאַר דיר עפענען אַן אָפיס, און פון דער אויטסייד, וועסטו האָבען אַ סיין מיט גרויסע גאָלדענע לעטערס, און די גאַנצע וועלט וועט וויסען פון דיר.

— איך וויל ניט זיין אַ דאקטאר — רופט זיך אָפּ סעם.

— וועסטו זיין אַ לויער — זאָגט דער פאָטער.

— דאס אויך ניט — ערוויעדערט סעם.

— וואָס דען ? — וואונדערט זיך ליוויי.

— אַ ביזנעס־מאַן — זאָגט סעם.

— ווארום נור אַ ביזנעס מאַן ? — פרעגט ליוויי.

— אַ ביזנעס מאַן איז בעסער — ערקלעהרט איהם סעם — ווען דאקטאר והייט אָדער לויער וויליאמס קומען ביי דיר בעטען לייהען עטליכע דאלאר, געפינסטו אַלץ אַן עקסקיוז, אַז דו האָסט ניט, און אַז גרינבערג דער סטאָר־קיפּער בעט דיר געלט וועסטו איהם באַלד געבען. זאָג פּאַפּאַ, פאַר וואָס איז דאס ?

— עט, ביזט אַ נארעלע — געגעצט ליוויי, און קעהרט זיך אום צום וואַנד.

דער דרעמיל בעפאַלט איהם שנעל און ער מורמעלט :

— סעם... סעם... זיי אַ גוד בויעלע.

# דער מאמעס בריעף.

---

און ער לייענט:

"קינד מיינער! ווען פון אלע וועלדער זאלען ווערען בלייר־שטיפטען, און פון אלע ימים טינט, וועט עס ניט גענוג זיין אויס־צושרייבען די צרות וואס איך האב אויסגעליטען און אריבערגע־טראגען, איידער איך האב דיך אויף דיינע פיס גע־שטעלט, איך האב דיך מיין קינד געוואויגען און גע־מאסטען מיט גאלד און זילבער, און איך האב ניט גערעכענט אז פון דיין הארץ זאל ווערען א שטיין. ווי איז דאס מעגליך, אז דו זאלסט ניט קענען שיקען כאטש א פאאר דאלאר פון אזא לאנד ווי אמעריקא? שלים־מזלניקעס, וואס האבען ניט געטויגט אין דער היים א קאטץ דעם עק צו פערבינדען, שיקען איבער הונדער־טער, און דו גאר נישט. אוי מיין קינד, ווען דו זאלסט וויסען אין וואס פאר א לאגע איך בין, וואלסטו מיט מיר גאנץ אנדערש זיך בעגאנגען. ווען דיין טאטע זאל לעבען, וואלט איך ביי דיר קיין זאך ניט געבעטען — איצט אבער וואס קען איך מיר העלפען?"

ער ענדיגט זיין מאמעס בריעף, און בלייבט פערטראכט.

"זאל איך איהר שרייבען פון מיין אונגליק?" — טראכט ער ביי זיך — "זאל איך איהר לאזען וויסען, אז איך האב אלץ פער־קרענקט, און בין איצט אזוי שוואך דאס איך קען קיין לעבען ניט מאכען? זאל איך פאר איהר אלץ מודה זיין? אה, דאס טאהר ניט געשעהן, זי וועט עס ניט אריבערטראגען.

"אבער וואס זאל איך טהאן?! דער געדאנק אז איך בין געווארען אזוי שלעכט טהוט איהר געווים מעהר וועה, ווי זי זאל וויסען פון מיין לאגע. איך וועל איהר שרייבען און אלץ דער־צעהלען".

ער ווערט פערזונקען אין פינסטערע געדאנקען...

# צוריק אהיים

דער הימעל האט פון זיך געווארפען גרויסע טראפענס רעגען ווי שטיקער בליי. די וואלקענס זיינען געווען אזוי דיק אז עס האט זיך גאר ניט געקענט גלויבען, דאס דורך זיי קענען אמאהל דורכדרינגען די שטראהלען פון דער זון.

דאס האט גארדאנען אבער ניט אבגעהאלטען פון צוגעהן טהאן ביזנעס. דאן, ווען ער האט קוים פערדיענט, האט ער שווער געארבייט, און איצט זייענדיג א בעל מטופל מיט אייגענע הייזער און א האלבען מיליאן אין קעש, פיר וועלכע ער האט בעצאהלט מיט זיין געזונד, ארבייט ער נאך אלץ מיט'ן זעלבען קוראזש.

— איך בעט דיך מיין מאן — האט מרס. גארדאן געוואלט ביי איהם פועל'ן — בלייב היינט אין דער היים. האסט א גאנצע נאכט געהוסט ווי פון א פוסטע פאס. פעהלט דיר דען ברויט חלילה? האסט דען ניט פון וואנען צו מאכען א לעבען? פאלג מיך בלייב אין דער היים.

— עט, רעד קיין נארישקייט — האט ער א מאך געטהאן מיט דער האנד — כל זמן, מען לעבט, דארף מען הארעווען, פרא־צעווען, הב'נען פיעל מען קען. אין קבר, וועט מען זיך גענוג אויסרוהען.

— ביזט א גזלן אויף זיך אליין — האט זי אנגעפאנגען טענה'ן מיט א שטארקען טאן. ער איז אבער שוין געווען פון דער צוויי־טער זייט טיהר.

איינינע בלאק איז גארדאן געלאפען אין גרוים איילעניש, פונקט ווי מחנות טייוואלים האבען איהם געיאגט.

די ערשיינונג פון א טויטען־וואגען האט איהם אבגעשטעלט.

ס'איז געווען א גרויסע לויה, צעהנדליגע קערידשעס זיינען נאכגעפאהרען דעם ארון.

גארדאן האט דערפיהלט עפעס א שווערען דריק אויפ'ן הארצען... פון איין קערידש האט זיך געהערט א שטילער וויינען...

"ביזט א גזלן אויף זיך אליין" — האבען אנגעפאנגען קלינגען אין זיינע אויערען זיין ווייבס ווערטער.

ער האט געמאכט א שטארקען טריט צו געהן ווייטער, נור ער האט זיך שטארק פערהוסט.

מיט לאנגזאמע טריט דעם קאפ צו דער ערד געבויגען געהט ער — צוריק אהיים.

# א "פאטישער" העק טרייבער

אין די קאונטרי שטעדטלעך, וואו סטריט קארס לויפען נאך וויניג זיינען פארהאן לייטע, וואס טרייבען א שעהן געפארבטעביידעל וואו צעהן פאסאזשירען קענען געפינען פלאטץ. די לייטע ווערען גערופען "העק טרייבער". זיי ברייגגען געסט פון דער טריין צו די האטעלס און פיהרען רייזענדע פון איין קאונטרי אין דער צווייטער.

דער העק טרייבער איז א תקיף אין שטעדטעל, א מאכער אין פאליטיקס, וויים פון אלע פערבארגענע חדרים... און איז אין אלגעמיין צופריעדענשטעליג.

עס איז געווען נאָך האַלבע נאַכט. איך בין געזעסען אויף'ן פּאָרטש פון האָטעל און בעטראַכט דעם דונקעלען בלויען הימעל וועלכער איז געווען דורכגעוועבט מיט פינקעלדיגע שטערן.

העק טרייבער זיינען פערביי־געפאָהרען און האָבען געזונגען ״סוויט מערי״ און נאָך אַזעלכע לידעלעך, וועלכע בעגייסטערען אַן אַמעריקאַנער נשמה.

פון דער צווייטער זייט וועג, האָט זיך געשלעפּט אַ סטיידש, מיט אַ מיעד פערדיל, וועלכעס האָט מיך דערמאָהנט מענדעלע מוכר ספרים׳ס קליאַטשע, און פון דאָרט איז געקומען אַ קול יעקב — די געזונדע שטימע פון אַ אידישען העק טרייבער. געזונגען האָט ער מיט דער מעלאָדיע פון צונזער׳ס ״פעדלער״ :

״ווי לאַנג, איהר העק טרייבער,
מיט סטיידשעס וואַגנעטען
ועט איהר זיך אַרומטרייבען
און אַ שאָו ביי יעדען בעטען :
וואַרפט אַרונטער פון די פּלייצעס,
די בייטש מיט די לייצעס,
דעם יאָך פון אַזאַ לעבען,
וואָס קען ערגער ניט געבען.
פערקויפט אייערע פערד,
און נעהמט זיך צו דער ערד,
און לעבט זיך צופריעדען
מיט׳ן פאַרמער צוגלייך.
וואָס טויג אייך פרנסות,
וואָס מאַכט אַ חלשות,
און קענט קיינמאָהל ווערען
גליקליך און רייך!״

איך האב דעם העק טרייבער אבגעשטעלט און איהם געפרעגט, וואו ער האט דאס לידעל גענומען.

"מיינע אן אייגענע פערפאסעכץ!" — האט ער אויסגערופען מיט שטאלץ, זיין בייטש פאכענדיג אין דער לופטען. — מעהר ניט, איך וויל זיך ניט אבגעבען מיט פערפאסעכצען, ווען יא, וואלט איך "געביעט אין פיעסעס" אלעמען".

— פאר וואס זאלט איהר טאקע ניט זיך נעהמען צו ערד ?

— פרעג איך איהם מיט א טאן גלייך ווי ער איז מיר שולדיג א חוב.

— וועלל, איך וויים, עס איז זעהר גוט פערפאסעכצען צו זינגען — האט דער פאטישער העק טרייבער זיך אנגעפאנגען קנייטשען — עס איז אבער שווער צו טהאן.

— סטייטש, איהר האט דאך ערשט געזונגען :

"פערקויפט אייערע פערד

און נעהמט זיך צו ערד!"

האב איך צו איהם א טענה געטהאן.

ער האט א שמייכל געטהאן דאס פערדיל און פון דערווייטענס געשריען צו מיר :

— דאס פערד איז ניט מיינס, ס'איז דא אויף דעם א מארטגיידש . . .

# געוואונען

זי האט מאקסען געליעבט. זי האט אויך פערשטאנען אז ער דענקט פון איהר.

ער האט זי אייניגע מאהל "אויסגענומען" אין טהעאטער, צו בעלער און נאך אנדערע אונטערהאלטונגען. ער האט שטענדיג איהר בעהאנדעלט מיט רעספעקט און אויפריכטיגקייט.

און זי האט איהם אלץ מעהר געליעבט.

שטעהענדיג איין מאָהל מיט איהר בײַ דער טיהר פון דעם הויז, איז צוגעקומען אַ פּעדלער מיט אַ לאָטערי טיקעט.

— גיט מיר יונגע קינדער אַ שאָו — האָט ער געבעטען — קויפט בײַ מיר אַ טיקעט איהר וועט מיט גאָטעס הילף געווינען.

מאַקס קויפט אַ טיקעט.

— פערשרייבט אונזערע ביידענס נעמען — זאָגט ער צום פּעדלער — אונזער ביידענס מזל.

— ווען ציהט מען די צעטלעך? — פרעגט זי מאַקסען.

— וואָלסט שוין טאַקע וועלען געווינען? — שמייכעלט ער צו איהר.

— פאַר וואָס ניט? — לאַכט זי צוריק.

— האָסט שוין געוואונען! — שמייכעלט ער ווידער.

— וואָס?! — פרעגט זי נערוועז.

— מיין הארץ — ענטפערט ער.

# דער איד און די כפּרה

אייק ליוויי האָט זיין סאַלון בירושה פון טאַטען. ער האָט זיך אונטער'ן "באַר" אויסגעהאָדעוועט, און ווייסט יעדען קאָסטימער. יעדער פון זיי האָט צו איהם דעם גרעסטען צוטרויען. "אייק — זאָגען זיי — איז אָלל־רייט".

אייק פערשטעהט מיט יעדען קאָסטימער ווי צו רעדען. "פּרינציפּעל" איז ער אַ שטאַרקער דעמאָקראַט, נור ער וועט אַ רעפּובליקאַנישען קאָסטימער אויך ניט אוועקמאַכען מיט ד'ער האַנד.

ער האָט זיך קיין מאָהל נישט געפּייט, און דאָך איז איהם בעשערט צו האָבען אַ פּאָאר בלויע אויגען.

געקראָגען האָט ער עס דורך פאָלגענדען צופאַל:

אַן איירישער מיט אַן ענגלענדער זיינען אריינגעקומען האָבען אַ דרינק.

— נעהם אַ גוטען דרינק — האָט דער ענגלענדער געזאגט צום איירישמאַן — איבער אַכטאָג אין דער צייט, וועל איך שוין זיין מיילען ווייט פון דיר. איך געה צוריק נאָך ענגלאנד.

—לאָנדאָן, זאָגט מען, איז די גרעסטע און אינטערעסאַנטסטע שטאָדט — מישט זיך אריין אייק ליוויי.

דער ענגלענדער האָט זיך געפונען מיט אייק'ס בעמערקונג זעהר געשמייכעלט נור דער איירישמאַן האָט עס שטאַרק ניט גע־וואָלט ליידען.

— וואָס ווייסטו, שיני, פון לאָנדאָן ? — האָט ער אויסגע־רופען.

— איך ווייס, לאָנדאָן, ווייל איך בין געוועזן אין יוראָפּ מיט צוויי יאָהר צוריק און דאס וואָס מען זעהט דאָרט, האָט עס ניט די גאַנצע וועלט.

— ביזטו געוועזן אין דאָבלין, איירלאנד ? — האָט דער איירישמאַן אויסגעשריען.

— איך ווייס גאָר ניט, אויב אזא שטאָדט געפינט זיך אין ענגלאנד — האָט אייק געענטפערט.

דעם איירשמאַן'ס אַנטוואָרט איז דאָ געווען, די געזונטע קלעפּ, פון וועלכע אייק האָט די בלויע אויגען.

און דער ענגלענדער, פיר וועמענס עהרע אייק האָט געפייט, איז געשטאַנען פון ווייטען און קאַלטבלוטיג צוגעקוקט. עס איז דאָך ניט שעהן זיך אריינצומישען אין אַ פייהט.

# דער רעגסמאָ

דורך נאָרפאָלק סטריט שטופּט ער זיין וועגעלע אויף צוויי רעדלעך, און שרייט מיט א פערשטיקטע שטימע: רעגס! רעגס!

— מיסטער, מיסטער! — שרייט איהם נאָך א דיקע אידענע דורך א פענסטער — קומט אריין, איך האָב פיר אייך א באָנדעל רעגס.

דעם באָנדעל וואָס ער טראָגט ארויס איז ניט קיין גרויסער, דאָך שווער פיר איהם.

ער שטעלט זיך אָברוהען, און לייגט איבער פון זעקעל אין וועגעלע זיין סחורה.

צוריסענע ווייסטען, אלטע הויזען, וואָלענע העמדער מיט גרויסע לעכער, אלטע שיך דאס אלעס וואַרפט ער איבער שנעל.

א היימישער בגד — קומט אין זיין האנד. דאס קען ער שוין אזוי גיך ניט אָבלאָזען. עס איז עפּעס א מחיה צו האלטען אין האנד א היימישע זאך. ווי אלט און צוריסען דער בגד איז, קוקט עס אויס אין זיינע אויגען, שעהנער ווי די שטייפע סוטס וואָס מען זעהט אין די רייכסטע שאָו ווינדאוס.

ער בעטאַפּט דעם קאָלנער, די קעשענעס, און די קנעפּלאַך ווי שטארק זיי זיינען איינגענעהט. „דאס וואָס מען קריגט אין דער היים — טראַכט ער ביי זיך — וועלען הונדערט אמעריקא'ס ניט ארויסגעבען".

— וואָס האָט איהר זיך דאָ אָבגעשטעלט מיט אייער פּוש־קארט ווי א גרינע חיה? — שרייט צו איהם אן עקספּרעסמאַן פערבייפאָהרענדיג — מאכט פיס און שטעהט ניט אין וועג מיט אייער אויטאָמאָביל!

— א טהייערער אונטערשלאג — טראַכט ער ביי זיך ווייטער

טאפּענדיג דעם בגד, און קימערט זיך גאָר ניט אויף דעם צוויטשענם קולות — אפילו היימישע אונטערשלאג איז אויך גאָר אנדערש. מען קען אויף דעם ארויפציהען צוויי מאָהל אויבערשלאג; די היענע איז גאָר ווי שפּינוועבס.

דער פּאָליסמאַן וועלכער קומט אָן בעפעהלט איהם :

— מוהוו אָן ! מוהוו אָן !

ער שטופּט ווייטער דעם וועגעל און שרייט: רעגס ! רעגס !

# ניט עלענד

סגל האָט גע'פּועל'ט, אז דער צדקה אנשטאַלט זאָל איהם ארויסשיקען פון נויאָרקער ענגשאפט, ערגעץ אין דער קאָונטרי "צו מאַכען א לעבען".

נאָך אזעלכע עלענדע זיצען און וואַרטען צו דערען וואוהין מען וועט זיי שיקען, אין וועלכע שטאָדט מען דאַרף האָבען "הענד".

דער קלוירק, לעזט די נעמען, פון די אַפּליקאַנטען און בע־שטימט די שטעדט וואוהין זיי זאָלען פאָהרען.

סגל וואַרט מיט אונגעדולד און קלעהרט וואוהין מען וועט איהם שיקען.

"אין שיקאגא האָב איך לאנדסלייט — טראַכט ער ביי זיך, אפשר וועט גאָט זיי אריינשיקען א געדאַנק, זיי זאָלען מיך אהין שיקען. שוין גענוג עלענד געווען אין נויאָרק.

— סגל ! איהר וועט פאָהרען קיין קליוולאַנד ! — רופט אוים דער קלוירק — נעהמט אייערע זאַכען און מאַכט זיך פערטיג צו דער רייזע.

סגל טרעט צו צום דעסק מיט א קלאפענדע הארץ, ער וויל וואס בעטען, נאר דער קלוירק זאגט צו איהם:

— סגל, אין אונזער אפיס איז פארהאן צושיקען צוויי עלענדע קינדער צו זייער פאטער וועלכער געפינט זיך אין קליוור־לאנד. מיר פערשטעהען, אז עס וועט זיין א גרויסער באדער פיר אייך עס צו טהאן, מיר פערלאנגען עס אבער.

סגל שטעהט א ווײַלע פערטראכט, זיין פינסטערער פנים דריקט אוים א לייכטען שמייכעל.

— איך דאנק אייך — זאגט ער — דער באדער צוליעב די קינדער וועט פאר מיר זיין א גרויסע טובה, דען איך וועל שוין אין קליוולאנד מעהר ניט זיין עלענד. די קינדערס טאטע וועט געוויס זיין צו מיר א פריינד.

# געכאפט!

---

מרס. גוטהענד האט געהערט זעהר פיעל ריידען וועגען טייפ־רייטערינס. אנפאנגס האט זי געמיינט אז א טייפרייטערין איז עפעס א סארט טענצערקע, אדער גלאט א מין פרעהליכע זאך. ווען מיסטער גוטהענד אליין האט אין זיין אפיס אריינגענומען א טייפרייטערין, האט זי זיך מעהר וועגען דעם ערקונדיגט.

זי האט ערפאהרען, אז א טייפרייטערין דרוקט בריעף מיט אזא קלאפעריל, אנשטאט וואס מען דארף שרייבען.

זי איז אבער שטארק אונרוהיג געווארען, ווען זי האט דער־הערט דאס עס טרעפט אז די באסעס ווערען אמאהל זעהר פריינד־ליך מיט די טייפרייטערינס...

— איך וועל טאָקע דאַרפֿען גוט אַכטונג געבען — האָט זי געטראַכט — עס וועט ניט שאַדען איך זאָל צייטענווייז מאַכען אַ פּלוצלונגען וויזיט מיין מאַן אין אָפּיס. זאָל ער וויסען, אַז איך לעב, אַז איך בין נאָך ניט געשטאָרבען.

איינמאָהל נאָך דינער, איז זי געקומען אין אָפּיס, די פּריוואַט רום פון איהר מאַן איז געווען פערמאַכט.

זי האָט זיך ניט געאיילט אַהין אַריינצוגעהן, אָבער דורך די ״מילך־גלאָז״ שויבען האָט זי אויך גאָר ניט געקענט זעהן.

— מען לאַכט דאָרט, מען קושט זיך דאָרט ! — האָט זי אויפגעציטערט.

איהר געזיכט האָט אויפגעפלאַמט, דאָס האַרץ האָט אין איהר אָנגעהויבען צו קלאַפּען פעסט און מיט די גרעסטע אויפרעגונג האָט זי געעפענט די טיהר.

— און וואָס ? — — — — — — — —

איהר מאַן איז געזעסען אין זיין טשער פערוואונדערט און צושראָקען פון איהר פּלוצלונגען אַריינפאַלען און אין אַ צווייטען טשער איז געזעסען זייער טאָכטער לינאַ אויך צושראָקען.

מרס. גוטהענד איז געבליעבען אין דער גרעסטער פערלעגענהייט און האָט ניט געוואוסט ווי אַזוי אָנצופאַנגעןריידען.

— וואָס איז מיט דיר, מיין ווייב ? — האָט ער איהר געפרעגט.

— אָ... אאַ... מויז, איז פאַר דער טיהר פערבייגעלאָפען — האָט זי קוים אויסגעפונען אַ תירוץ.

פאָטער און טאָכטער האָבען זיך צולאַכט.

# שנעע

— מאמע — מאמע, זעה שנעע ! שנעע ! זעה מאמע ווי עס שנעעט ! — שרייט פרעהליך די זעקס יעהריגע שרה'לע.

— מאך ניט קיין ליארעם — קומט די מוטער'ס שטימע פון קיך.

די מוטער קומט ארויס פון קיטשען און דאס קינד לויפט איהר אקעגען. זי נעהמט אן איהר האנד און שלעפט איהר צום פענסטער.

— קום מאמע, קום זעהן דעם ווייסען שנעע !

די מוטער זעצט זיך, און קוקט ארויס אין גאס, און דאס קינד טאנצט ארום איהר און זינגט : ״שנעע ! שנעע!״

א שווערער זיפץ רייסט זיך ארויס פון דער מוטער'ס ברוסט. דאס קינד טהוט א ציטער, מיט איהרע אונשולדיגע אויגע־לעך, בליקט זי אויף דער מוטער און פרעגט :

— מאמע ! וואס זיפצסט דו ?

און די מאמע ענטפערט :

— איך טראכט פון דעם שנעע, וואס פאלט אויף דיין טאטען'ס קבר . . .

# „פּאָעטען"

לעווינסקי און שערווינסקי זיינען אַפּריטאַרס ביי טרייד, נאָר זיי פיהלען אַז ערגעץ ביי זיי אין בוזים ליעגט בעהאַלטען די מוזע... גאַנצע ביכער מיט ליעדער האָבען זיי שוין אָנגעשריעבען.

זיי בעלאַנגען צו איין און דער זעלבער סאָסייעטי וואו זיי זיינען פון די מעמבערס אויך אַנערקענט אַלס פּאָעטען.

עס איז געווען אַ באַלל ביי דעם פעראיין און ביידע האָבען דאָרט געזונגען זייערע אייגענע פערפאַסטע ליעדער.

די ענטהוזיאַסטישע אַפּלאָדיסמענטען האָבען לעווינסקי'ן און שערווינסקי'ן דערהויבען ביז'ן הימעל.

אויף מאָרגען זיינען זיי שוין ניט געגאַנגען אַרבייטען.

מען בעגעגענט זיי זעהר אָפט אין די קאַפע הייזער וואו זיי שנאָרען אַ קאָפּע קאַפע פון אַ ברודער־אַרבייטער.

# אין רעסטאָראַנט

ביים לעצטען טיש, צו טיהר זיצט אַ יונגער מאַן וועלכער בע־טראַכט יעדע פּאָרציאָן עסען, וואָס די וויי‌טערס ברייגגען פיר די אַנדערע קאָסטימער.

ער וואַרט.

— וואָס אייך געבען ? — קומט ענדליך די האַלב־שמייכעל־דיגע און חניפה־פראַגע פון וויי‌טער.

— איך... איך... וואָלט וועלען זעהן דעם בעל הבית איך...

—דער באָס איז איצט ביזי, — ענטפערט דער וועיטער מיט כעס און אַנטלויפט.

ד'ער יונגער מאן זיצט נאך אין דער זעלבער פאזיציאן.
דער וועיטער בעמערקט איהם און שרייט אוים:
— באס! א יונגער מאן ווארט אויף אייך ביין טיש.
דער באס קומט צו איהם צו מיט א פערדעכטיגען בליק.
— וואס ווילט איהר מיסטער?
— איך... איך... וואלט וועלען אייך בעטען איהר... איהר... זאלט מיר בארגען א דינער.
— די אלטע געשיכטע — בייזערט זיך דער באס — מייק גיעב איהם עסען!
דאס עסען איז געשטאנען אויפ'ן טיש, דער יונגער מאן איז שוין אבער ניט געווען...

# אין זומער האטעל

ווען אלע קינדערלעך פון האטעל שפיעלען זיך שטעהט די פיער יאהריגע בעקי פון וויטען.

אלע טאטע־מאמעס פון די קינדער זיינען שטענדיג פערפוצט, ביטען זייערע קליידער איינינע מאהל דורך'ן טאג, און פאהרען אין אויטאמאבילס.

איהר מאמע, איז דא ניט פיר פלעזשור.

איהר מאמע שטעהט טאג און נאכט ביין גרויסען אויווען פון האטעל, צו פערפערטיגען דאס עסען פיר הונדערטע מיילער, זי איז דא די קעכין.

בעקי פערשטעהט, אז איהר מאמע איז ניט גלייך מיט די אלע אנדערע מאמעס. דערפאר שטעהט זי אויך פון וויטען, ווען די קינדער שפיעלען זיך, ווען זיי זינגען און שפרינגען, ווען זיי לאכען און טאנצען.

צייטענווייז לויפט זי מיט. ווען איינער פון די קינדער פער־

ווארפט א באַל, לויפט זי די ערשטע דאס אויפהויבען און מיט א שמייכעלע אויף איהר נאאיוו פנים'ל, גיעט זי איהם אָב.

ווען יעמאנד קושט א קינד אָדער שפּיעלט זיך מיט זיינע לאָקען, שטעהט בעקי מיט אָנגעשטרענגטע אויגעלעך. איהר שמייכעלע ווערט פערפאַלען און איהר פנים'ל דריקט אוים א טיעפען טרויער.

ווען די קינדער טשעפּען איהר ענטפערט זי ניט. בעקי איז פון נאַטור א רוהיגע קינד. איצט האָט זי וואָס צו ענטפערן.

איינער פון די געסט האָט צו איהר געזאגט: "בעקי, דיין מאַמע קען גוט קאָכען". זי איז דאן געלאָפען מיט שמחה צו דער מאַמען דאס דערצעהלען.

און אז די קינדער טשעפּען איהר יעצט זאָגט זי מיט שטאָלץ:
"דיין מאַמע קען ניט קאָכען אזוי גוט ווי מיין מאַמע".

# דאס אָרימע קינד

דער גלאָק פון סקוהל קלינגט. די קינדער לויפען צוזאַמען פון אַרום און אַרום.

זי לויפט אויך — פון דינער אין שאַפּ אריין.

זי איז ניט עלטער פון די קינדער וואָס געהען אין סקוהל.

יעדער גלאָקען־קלאַנג מאַכט טרייסלען איהר הערצעלע. עס בענקט זיך איהר נאָך דעם פריינדליכען ליעבליכען געזיכט פון איהר לעהרערין, נאָך די קינדער... נאָך דעם דשעניטאָר וועלכער פלעגט איהר געבען בלומען . . .

דער גלאָק קלינגט. די קינדער לויפען אין סקוהל — זי לויפט אין שאַפּ.

# שלעכטע צאהלער

אין האָלל איז א ליארם, א געפילדער. דער באָל פון פינצע־פייקער אונטערשטיצונגס פעראיין געהט אָן.

פון איין זייט פלאטפאָרם זיצט מר. גאָלדבערג מיט א פריינד. זיי בעשפרעכען דעם באָלל, און די נוצען וואָס די געלד וועט ברייני־גען. דאס געשפרעך געהט באלד איבער צו פערזענליכעס.

— דאָרט אויף דער צווייטער זייט פלאטפאָרם זיצט מר. ראזענבערג — מאכט גאָלדבערג צו זיין פריינד — עס קומט מיר פון איהם הונדערט דאלאר און ער ווייכט מיך אויס. ביז איך האָב איהם געליהען דאס געלד איז ער געווען מיינער א גוטער ברודער און איצט וויל ער פון מיר נישט וויסען. שוין עטליכע מאָהל ווי מיר האָבען זיך בעגעגענט, און ער דרעהט אָב דעם קאָפּ פון מיר. אָט אזוי איז עס, אז מען טהוט איינעם א טובה ווערט מען אָן אויך זיין פריינדשאפט.

אין דער זעלבער צייט, האָט מר. ראזענבערג בעמערקט צו זיינעם א פריינד מיט וועלכען ער איז געזעסען אויף דער צווייטער זייט:

— דאָרט אויף דער צווייטער זייט פלאטפאָרם זיצט מר. גאָלדבערג, ער איז איינער פון מיינע בעסטע פריינד און דער צו־פאַל האָט געבראכט, דאס איך האָב קיין העזה מיט איהם ריידען. ער איז גוט געווען מיר צו לייהען הונדערט דאלאר און איך האָב ניט איהם אָבצוגעבען. יעדעס מאָהל ווען איך בעגעגען איהם, פיהל איך מיין קאָפּ ארונטערצולאָזען, און ער מיינט דאָך געוויס אז איך מאַך זיך דאס איך פערגעס און וויל איהם ניט בעצאָהלען.

# אין קאַר

די קאַר איז געפּאַקט.

די דיקע, שעהנע דאַמען, פיר זיי גיעבען אָב די מענער זייערע פּלעצער.

זי האַלט זיך קוים אויף איהרע פיס נאָר קיינער בעמערקט איהר ניט.

די נאַטור האָט איהר ניט אויסגעגאָסען אין אזא שעהנעם פורעם, ווי די אַנדערע פון איהרע שוועסטער.

דעם גאַנצען טאָג, ארבייט זי שווער און ביטער. ביי דער ארבייט, טראַכט זי פון די גליקליכע מינוטען ווען זי וועט קומען אהיים.

און ווי לאַנגזאַם די קאַר שלעפּט זיך !

ביין ענדע קאר האָט א מאַן פערלאָזען זיין זיטץ ארונטערצו־געהן און זי — מיט א שווערען אטהעם — פערנעהמט עס.

א פּאָאר בלאָק ווייטער, קומט ארויף א שוואכער אַלטער מאַן, און כאַפּט זיך קוים אָן ביי א סטראַפּ. קיינער טרעט פיר איהם אָב א זיטץ.

זי הויבט זיך אויף מיט מוטה און פרישקייט, ווי א גוט קינד, וואָס האָט זיך גוט אויסגעשלאָפען און אָפּפערט דעם אַלטען איהר פּלאַץ.

און ווען דער אַלטער זעצט זיך, שמייכעלט זי און קוקט אויף די פערפּוצטע פּאַסאַזשירען מיט שטאָלץ . . .

# פיים לעטער באקס

דער אדרעס אויף'ן בריעף איז שוין אנגעשריעבען, מען דארף איהם נאר אין באקס אריינוואַרפען.

עס ציטערן איהם די הענד ווען ער הויבט אויף דעם דעקעל פון באקס.

— ניין! — זאגט ער צו זיך — איך וועל דעם בריעף צו איהם ניט שיקען, איך וועל מיין עהרע ניט וואַרפען צו דער ערד, איך וועל זיך ניט ערלויבען טרעטען פון איהם... אמת, אז איך האב איהם טאקע א סך מאהל טובות געטהאן, ניט איין מאהל האב איך אין די אלטע צייטען זיין רענט בעצאהלט. ווען איך וויל, קען איך זאגען, אז ער קומט מיר א חוב? אבער שרייבען איהם, דאס קען איך ניט . . .

עס קלינגט אין זיינע אויערען דאס וויינען פון זיין זעקס יאהריגער ראזעלען, ווען זי האט נעכטען זיך פערשטאכען א פוס אז עס איז געררונען בלוט... ניטא קיין שיכעלאך... נאך צוויי טעג, און מען דארף צאהלען רענט . . .

''קלינג! קלענג! עפענט זיך דאס דעקעל פון לעטער באקס, דורך פערשיעדענע הענד.

אונטער די, וואס וואַרפען אריין בריעף אין באקס, זיינען אויך דא פער'חושך'טע פערפינסטערטע פנים'ער.

''ווער ווייסט — טראַכט ער — אפשר איז זיי נאך ערגער פון מיר. אויף זייער בריעף קען אמאהל זיין, וועט מען גאר ניט ענטפערען. איך וועל דאך געווים האבען א תשובה.

— זייט זשע מוחל, שרייבט מיר אויף אן אדרעס — בעט איהם א מיטעליעהריגע פרוי אין ארעמען אויסזעהן.

— מיט'ן בעסטען פערגעניגען — ענטפערט ער איהר.

דער נאמען געהט איהם אין קאפ אריין, און ווערט ווי צוטומעלט.

דעם אדרעס וועלכען ער געהט שרייבען פיר דער פרוי, איז צו דער זעלבער פערזאָן וועמען ער שיקט זיין בריעף.

— איז דאס אייערער אַ פריינד צו וועמען איהר שרייבט?

— פרעגט ער דער פרוי האלב תמ'עוואטע.

— אַ ווילד פרעמדער — ענטפערט זי — ער איז אַמאָהל געוועזן מיין באָרדער, און ער איז מיר שולדיג געבליעבען פיר צוויי חדשים רענט. איך בין איצט זעהר שלעכט אָפּ און אזוי ווי איך האָב געהערט אַז ער איז שטארק רייך, האָב איך איהם שוין עטליכע מאָהל געשריעבען מיין לאגע, אָבער ער האָט מיר ניט געענטפערט; אפשר וועט ער מיר דעם מאָהל יא ענטפערן.

אין דער צייט ווען זי האָט גערעדט איז דער אדרעס פערטיג געוואָרען.

זי האָט איהר לעטער אין באָקס אריינגעוואָרפען.

ער האָט זיינעם — צוריסען . . .

# דאס בעקאנטע ליעד

"דיא יאָהרען ציהען,
די יאָהרען פליהען,
די יאָהרען געהען זייער וועג".

דאס ליעדעלע צו הערען זינגען, איז פיר מרס. קאָהען אַ'ן איבערראשונג. שוין אכט יאָהר ווי זי וואָהנט אין דעם טענעמענט הויז, און האָט נאָך קיין מאָהל געהערט דאס ליעדעל זינגען. אלע בעקאנטע ליעדער און מעלאָדיען פון אידישען טהעאטער, הערט זי נאַכט אין נאַכט אויס. זי איז זיך אפילו מחיה מיט די "שטיק-

לעך" פון טהעאַטער, אָבער דאָך ניט יענע אַלטע היימישע ליע־דעלעך, וואָס די מאַמע האָט געזונגען, וואָס די מיידלעך האָבען מיט זיי פערהילכט דעם וואַלד שבת ביי טאָג נאָך'ן עסען.

יענע ליעדעלעך, פלעגען ריידען צו דער נשמה און אריינקריע־כען טיעף אין הארצען . . .

"די יאָהרען ציהען,

די יאָהרען פליהען"

קומט די שטימע פון אונטערשטען פלאָאר, מרס. קאָהען קוקט ארונטער מיט "מויל און אויער" פון טאָפ פלאָאר, און כאַפּט יעדען קלאַנג וואָס קומט ארויף.

דאָס ליעדעלע דערמאָהנט איהר, איהרע יונגע יאָהרען, עס דערצעהלט איהר אויך פון איהר עלטער . . .

אַלט געוואָרען פאַר דער צייט.

דאָס ליעדל פלעגט זינגען שלום בערל ווען זי האָט אין די יונגע יאָהרען שטאַרק געליעבט... מען זאָגט ער איז שוין לאַנג טויט.

— מאַמע ! הערט זי דאָס רופען פון איהר אַכצעהן יעהריגע לינא — קום ארונטער, און נעהם צו מיין דשעקעט, איך דאַרף געהן אין טהעאַטער און עס איז זעהר הייס.

מרס. קאהען לאָזט זיך ארונטער די טרעפּען און ברומט שטילערהייד :

"די יאָהרען ציהען,

די יאהרען פליהען,

די יאָהרען געהען זייער וועג".

# מיסטער מאררים.

ווען מר. מאררים איז געקומען אין בראנזוויל, האבען נאך די ציגען דארט „געקעניגט".

ביסלעכווייז, האט זיך בראנזוויל פערמעהרט און פערגרעסערט, מיט אידישע קינדער ביז דער גרויסער „בום" האט עס געמאכט פיר א ירושלים.

פיר מר. מאררים'ס אויגען, זיינען לייזיגע וויסטע חורבות פערוואנדעלט געווארען אין קאלאסאלע געביידען. ער האט ביי־געוואהנט די צערעמאניע פון אינסטיטושאנס. א סך פון זיינע אלטע בעקאנטע האבען זיך גוט „ארויפגעארבייט" און ער איז פער־בליעבען דער זעלבער מאררים.

אמאהל, פלעגט ער פעדלען מיט מילך אין שטאדט, איצט פערקויפט ער זיין מילך, טאקי אין בראנזוויל.

ער בעגעגענט יעדען טאג פיעלע פון זיינע אלטע בעקאנטע, וועלכע לויפען פער'הבעט, קויפען און פערקויפען הייזער, וואר־פען און בויען געביידען, נור איהם געהט עס ניט אן. עס פער־דריסט איהם נור איין זאך, און דאס איז: וואס מעהר עס קומען צו אידען, ווערט ער מעהר עלענד.

ער פיהלט זיך עפעס ווי א פערפאלענער.

אמאהל פלעגט מען איהם בעטען דאווענען פאר'ן עמוד, איינ־לאדען צו א חתונה, צו א ברית, איצט איז אויס מר. מאררים, ער ווערט פערפאלען ווי א טראפען אין גרויסען ים...

טוויזענדער נייע מאַרריסעס, נייע בעלי בתים, ער זעהט זיך שוין ניט אָן.

און אין פריהמאָרגען, ווען ער פאָהרט אַרויס מיט זיין מילך וואָגען פערבענקט ער זיך נאָך יענע צייט, ווען ער פלעגט דורכ־פאָהרען פעלדער וועלדער. יעדע גרעזעל האָט געוואוסט, אז מר. מאָררים פאָהרט... יעדער בוים האָט איהם דערקענט און איצט איז אויס מאָררים...

פערלאָרען אין גרויסען תהום פון מענשען.

— אין אזא קורצע צייט! אין אזא קורצע צייט! זאָל פון א דאָרף ווערען אזא שטאָדט? וואונדערט ער זיך יעדען פריה־מאָרגען.

ער וואונדערט זיך און עס בענקט זיך איהם ביז ער פערקויפט די ערשטע קוואָרט מילך . . .

# צו א קינד

---

דיינע צוויי שווארצע פייערדיגע אויגעלעך!... ברענען ניט מיט אייפערזיכט . . .

ווי צוויי שטערענדלעך פינקלען זיי, ווי צוויי ליכטיגע פייערלעך פלאקערן זיי און ווארמען דאס הערץ . . .

די שיין פון דיינע אויגעלעך, בעשאפט קיין שאטען... אין די טיעפסטע אבגרונדען פון דער פינסטערער וועלט, ברייננען זיי נור ליכט.

ווען מען ווערט פערגליווערט פון דער קאלטער צייט, פון ״פערפרוירענע פריינדשאפט״ — ווארעמען זיי.

נעהם ארום מיט דיינע צארטינקע ווארעמע הענטלעך מיין האלז. איך ערלויב דיר מיט׳ן גאנצען הארצען, זאלסט אויך אין מיינע טאשען מיט דיינע הענטעלעך זוכען... וועסט גאר נישט נעה־מען... ווען יא, וועסט דו פרעגען . . .

האלט דיינע הענטעלעך פעסט ארום מיין האלז, וועסט ווע־רען גרעסער, וועסטו עס געוויס ניט טהאן... וועסט דאן די גאנצע וועלט וועלען האבען אין דיינע הענד . . .

דיינע אויגען זאלען אימער שיינען מיט דעם זעלבען ליכט ווי יעצט, און דיעזעס ליכט זאל דיר ווייזען דעם ריכטיגען וועג פון דעם לעבען ! . . .